ל. פיינבערג

# ליכט און ברויט

רעוואָלוציאָנערע
פּאָעמעס



פֿאַרלאַג „כאַוויירים“

נויאָרק, 1931

# א י נ ה אַ ל ט

# Pro Domo Sua

ווען די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, בין איך אַלט געווען צוואַנציק יאָר.

מיין ליטעראַרישער באַגאַזש איז דעמאָלט באַשטאַנען פון: פ ו ש ק י נ ס געלייטערטער פאַשטעס, ל ע ר מ א נ ט אָ ו ו ס טערפקן פאַטאַליזם, ס אָ ל אָ ו ו י אָ ו ו ס מיסטישן פאַנמאָנגאָליזם, ב ל אָ ק ס עקסטאַטישער זינדיקייט, ס ע ו ו ע ר י אַ נ י נ ס פאָמפעזער ליריק, ב י אַ ל י ק ס עקזאָטישער „מעגילאַס האָאייש“, פ ע ר ע צ ע ס „פאָלקסטימלאַכע געשיכטעס“ אין אַ רוסישער איבערזעצונג, און מיין אייגענער סטאַזש — פון אַ פאָר צענדליק האַלב־מיסטיש־רעליגיעזע, האַלב־אימזאַשיניסטישע רוסישע לידער, געדרוקט אין פאַרשיידענע פעריאָדישע אויסגאַבן.

פאַרן רוסישן אינטעליגענט זענען דעמאָלט אַנטשטאַנען צוויי וועגן: אָדער סימולירן גייסטיקן סאַבאָטאַזש — און אַוועק אין גאָלעס, ד. ה., אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד, אָדער אָננעמען דעם אָ ק ט י אַ ב ע ר און זיך צוזאַמענגיסן מיט די צעשטערנדיקע און שפּעטער־בויענדיקע קויכעס פון דעם „אָנקומענדיקן כאַם“, ווי די מערעזשקאָווסקים האָבן צו יענער צייט באַטיטלט די גרעסטע געשעעניש אין דער וועלט־געשיכטע.

נישט האָבנדיק נאָך געגאַשט אַפילע קיין איין שורע ביי מאַרקסן און קיין איין זילב ביי לענינען, האָב איך אָבער שוין דעמאָלט דערפילט דעם נאַקעטן, רויען, קאָרענעם עמעס און דעם אַלץ־פאַרפלייצנדיקן פאַטאָס פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

געפירט פון אָט־די אינטואיטיווע קויכעס, האָב איך גענומען די ביקס אין האַנט און בין אַוועק אַפן פראָנט פאַרטיידיקן דעם אָ ק ט י אַ ב ע ר.

נאָך קנאַפע דריי יאָר הונגער, טיפוס, לייז, פאַנצער־צוגן און פאָגראָמען, ווען די מעכיצע צווישן מ ע נ ט ש און כ אַ י ע איז קימאַט ווי אָפּגעווישט געוואָרן, בין איך אַנטלאָפן פון דעניקינער פלעז קיין אייראָפּע אַ נאַש טאָן פון יענע קולטור־אויצרעס, פון וועלכע די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע זאָל קלוימערשט האָבן באַרויבט די „גאָט־געזאַלבטע“ רוסישע אינטעליגענץ.

אין די וואָגליאָרן צווישן באָמביי און יערושאָלאַים, צווישן רוים און פאַריז, צווישן בערלין און נויאָרק האָב איך נאָך אַלץ געשריבן

רוסישע אימאזשיניסטישע לידער און מיסטישע פּאָעמעס וועגן דער „הייליקער סאָפיע" און דעם „נייעם דערלייזער".

די אימאַזשיניסטיש-סימבאָליסטיש-גאַטזוכערישע „זאַקוואַסקע" (יערשטאָף) איז, ווייזט אויס, געווען נאָך צו שטאַרק אין מיר, אַז זי זאָל זיך אַזוי שנעל און ראַפּטאַם אויסדופן און צעשמאָלצן ווערן אַפן פייער פון וואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע רעגונגען.

אָבער גראַדנווייז איז געקומען דער איבערברוך:

אין די יאָרן 1923 ביז 1926, ווען איך האָב מיך באַזעצט אין אַמעריקע „אַף בלייבן און אַף זיין", האָט זיך גענומען געשטאַלטן אין מיר דער אידישער רעוואָלוציאָנערער דיכטער.

דאָווקע ווייט-אַוועק פון בויענדיקן ראַטנפאַרבאַנד, אין שאָטן פון נויאָרקער הימלקראַצערס, האָט פּלוצים אופגעשפּרודלט אין מיר דער קוואַל פון רעוואָלוציאָנערער ליריק.

צוזאַמען מיט די יאָרן און קינסטלערישער רייפקייט איז גע-וואַקסן דער באַוואוסטזיין, אַז דער רוסישער אַקטיאַבער איז דער אויסגאַנג-פּונקט און דער אַל-וועלטלאַכער אַקטיאַבער — דער ענדציל פון מיין דיכטערישן וועלנזיין...

דער פאַקט, וואָס די האַשגאָכע האָט אַזוי געוואָלט, אַז איך זאָל פאַרוואָרפן ווערן פון ראַטנפאַרבאַנד פונקט דעמאָלט ווען לענינס צעלעכצטע שיף איז בעשאָלעם אַריבערגעשוואומען דעם צעבויטעטן יאַם פון בירגערקריג און איז אַריין אין די שטילערע און זיכערע וואַסערן פון אופבוי, — האָט שטענדיק געקרעפּטיקט אין מיר די האָפנונג און דעם באַוואוסטזיין, אַז עפּשער איז גראַד מיר — מער ווי די פאַרבליבענע אידישע דיכטער אין ראַטנפאַרבאַנד — באַשערט געווען צו שאַפן אין אידיש די עפּאָפּייע פון דער באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע, ווייל גראַד פונדערווייטנס האָב איך געהאַט די מעגלאַכקייט צו קריגן יענע נויטיקע קינסטלערישע דיסטאַנץ און אינערלאַכע פרייהייט, אָן וועלכע קיין עמעס-קינסטלעריש ווערק קאָן נישט געשאַפן ווערן.

באַפליגלט מיט דעמדאָזיקן באַוואוסטזיין, בין איך פעסט און זיכער געגאַנגען צו מיין ציל.

אין דער אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע „דרייסיק יאָר" האָב איך אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל צו מיינע ביז-דעמאָלטיקע קינסטלערישע איבערלעבונגען און דיכטערישע רעגונגען, קעדיי, באַוואָפנט מיטן סכום פון דערפאַרונגען, אַריינצוטרעטן אין אַ נייער פעריפעריע פון רעוואָלוציאָנערע זוכונגען...

* * *

ווען איך קוק איצט רעטראָספּעקטיוו אָף מיינע ערשטע פינעף יאָר אַרבעט אין אידיש, ווערט מיר מיטאַמאָל קלאָר: פּאַרוואָס מיינע ערשטע צוויי לידער-זאַמלונגען „ערעוו-שטורעם" (1926) און „גרוים-שטאָט" (1928) האָבן אַזוי צעטומלט די קריטיקער פון ביידע לאַגערן.

די געשוואוירענע קריטיק פון דעם רעטראָגראַדן בירגערלאַכן לאַגער האָט מיך באַשולדיקט אין „עסטעטישער רעוואָלוציאָנעריש-קייט" (כאָטש איין גאָט אין הימל און זיינע קריטיקאַנישע פאַר-טרעטער אָף דער ערד וויסן וואָס פאַרא כאַיע מיט הערנער דאָס איז).

פון דער צווייטער זייט, איז די מאַרקסיסטישע קריטיק אין אַמעריקע געווען מאַליי טיינעס צו מיר, האַלעמאַי גיב איך מיך נאָך אַלץ אָפּ, פאַראַלעל מיט ריין-רעוואָלוציאָנערע שיר-שיר-פּראַלע-טאַרישע מאָטיוון, אויך מיט פרישעס, גאָטזוכעניש און אַנדערע שאַלאַמויזן.

סיי די ערשטע און סיי די צווייטן האָבן, ווי עס שיינט, אומיסטן פאַרזען דאָס וויכטיקסטע:

אַז ביכדיי צו באַפרייען דעם וועג פאַר געלייטערטער רעוואָלוציאָנערער עפּיק, האָבן געמוזט אָפּשטראָמען די לעצטע יערושע-רעשטלאַך פון דער מיסטיש-גאָטזוכערישער „זאַקוואַסקע" אין מיר.

דערווייל אָבער האָט עס געהייסן, אַז איך שטעק נאָך מיט איין פוס טיף אין בורזש-עסטעטישן זומפּ און דער צווייטער פוס, וואָס איז דערווייל נאָך געהאַנגען אָף מאַשקוילעס, האָט געהאַלטן היינט-מאָרגן אין אַריינטאַנצן אין דער סאַמע קעדושע פון פּראָלעטאַליטע-ראַטור.

ביידע צדאָדים האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין:

אַז דער רעוואָלוציאָנער אין מיר איז טאָמיד גרייט געווען צו באַגיין און פון אַנדערע צו מאָנען די אַקטועלסטע רעוואָ-לוציאָנערע טאָטן,

און אַז דער דיכטער אין מיר האָט שטענדיק געזוכט אַרויסצוברייינגען די גרויסע סטירע פון אונדזער פאַרמישפּעטן דאָר, וועלכער הייבגט אַ צוגענאָגלטער צו די צוויי שטאַנגען פון אונדזער מעאוּיעמדיקער טקופע:

1) רעוואָלוציאָנערר כוויוז, און 2) דער-לייזונג פון יאָכיד אין דער רעוואָלוציע.

און ווער קאָן מיט זיכערקייט אָנווייזן: וואו דאָס ערשטע ענדיקט זיך און וואו דאָס לעצטע הייבט זיך אָן?...

* * *

בין איך אַ פּראָלעטאַרישער צי אַ רעוואָלוציאָנערער דיכטער?

אויב פּראָלעטאַרישע דיכטונג מיינט: טייקעף אַפן אָרט, אַלס מאָביליזירטער קונסט־סאָלדאַט, זיך אָפּרופן אַף יעדער געשעעניש, וואָס זאָל באַלייכטן דעם אַרבעטער די געגעבענע סיטואַציע און אים סטימולירן צו מאָמענטאַל־ספּאַזמאַטישע רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן, — האָב איך מיך שטענדיק באַטראַכט אַלס מאָביליזירט מיט ליד ווי מיט ביקס צו פאַרטיידיקן דעם שוין־געוואונענעם רוסישן אָקטיאַבער און קעמפן אין די ערשטע רייען פאַרן אָנקומענדיקן אַלוועלטלאַכן אָקטיאַבער...

אויב רעוואָלוציאָנערע דיכטונג מיינט: געבן דורך דער אייגענער קינסטלערישער פּריזמע דעם אָנזאָג פון אַן אופגייענדיקער, אָדער דעם סכום פון אַן אָפּגעשלאָסענער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, אַזוי אַז דאָס ווערק זאָל נישט נאָר זיין קינסטלעריש פאָלקאָם, נאָר עס זאָל אויך גלייכצייטיק אַנטפּלעקן דעם אַרבעטער נייע סאָציאַל־מאַמאָשעסדיקע ווערטן, וועלכע זאָלן מאָנען און וועקן אים צו פּערמאַנענטע רעוואָלוציאָנערע טאַטן, — העמאָלט איז מיין קינסטלערישער כיוון אויסצוקלייבן פאַר זיך דעם באַשיידענעם גורל צו זיין בלויז אַ רעוואָלוציאָנערער דיכטער.

* * *

דאָס בוך „ליכט און ברויט“ באַשטייט פון פיר גרעסערע רעוואָלוציאָנער־עפּישע פּאָעמעס: „באָלשעוויקעס“, „קאַראַגון — דער פּויערשער זון“, „נעגער דזשים“, און „אונדזער דאָר“, אַרבעטן, אין וועלכע דער אָקטיאַבער איז אַריינגעוועבט אַלס רויט־שנירלדיקער לייט־מאָטיוו.

פאַרן רוקנביין פון בוך באַטראַכט איך די עפּאָפּייע „באָלשעוויקעס“, וועלכע איז, לויט מיין אָפּשאַץ, די וויכטיקסטע פון מיינע ביז־איצטיקע אַרבעטן.

„באָלשעוויקעס“ שטעלן מיט זיך אַגעוו פאָר בלויז דעם ערשטן טייל פון דער עפּאָפּייע. דעם צווייטן טייל „די צינדער פון ערד“ האַלט איך אין פאַרענדיקן און האָף אים איינגיכן צו פאַרעפנטלאַכן.

* * *

ווער זענען זיי: ק אַ ל י אַ  ד ע ר  ק אַ ט אָ ר ז ש נ י ק און נ י ו מ אַ  ש אַ ר ל אַ ט אַ ן?

זענען זיי העלדישע  פ י ר ע ר,  צי בלויז בלינדע „פּ י ע ש ק ע ס" אין דער מעכטיקער  ה אַ נ ט  פון געשעענישן?

זאָל דאָ קלאָר פאַרשטאַנען ווערן, אַז איך האָב נישט בעדייע געהאַט צו שילדערן די פערזענלאַכע „פריידן און ליידן" פון קאַליאַ בעססאָנאָוו און ניומאַ פרידקין, אָדער גריבלען זיך מיטן גראָבן פינגער אין די צעוואונדיקטע, פאַרהאַרטעוועטע און געלייטערטע נעשאָמעס פון דעם  ק אַ ט אָ ר ז ש נ י ק  און  ש אַ ר ל אַ ט אַ ן, — אַט־די צוויי פּראָסט־פּאָשעטע סאָלדאַטן פון דער רעוואָלוציע, — וועלכע זענען, יעדער אַף זיין אייגענעם אויפן, דערגאַנגען צום  אַ ק ט י אַ ב ע ר, — ווי קינסטלעריש־לאָקנדיק דער דאָזיקער ביסן זאָל נישט זיין. איך האָב לאַכלוטין נישט אינזינען געהאַט צו מאַכן זיי פאַר „לובאָטשנע העלדן" לויטן באַקאַנטן נוסעך, אָדער גאָר זיי פאַרוואַנדלען אין די הויפּט־אַקסן, אַרום וועלכע די רעדער פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך באַוועגט.

פאַרקערט, מיין אויפגאַבע איז הויפּטזעכלאַך געווען: אַרויס־צוברייינגען די גאַנצע קלאַנגפולע און טיילמאָל־ריפּנדיקע סימפאָניע פון דער גרעסטער וועלט־געשעעניש, אין וועלכער קאַליא און ניומא זענען עפּשער גלייכצייטיק געווען סיי די  צ ע נ ט ר י פ ו ג אַ ל ע  סיי די  צ ע נ ט ר י פ ע ט אַ ל ע  איינסן (מאָטיוון).

ווייל . . . ווייל מיטן גאַנצן פּרימיטיוון, גייסטיקן און סאָציאַלן מעהוס זייערן זענען זיי,  ק אַ ל י א  און  נ י ו מ א,  די בוילעטסטע פאַרשטייער און פאַרקערפּערער פון דעם בעעמעס־מערקווידיקסטן דאָר אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט — פון  א ו נ ד ז ע ר  ד אָ ר . . .

איז עס מיר געלונגען? . . .

אַף וויפיל מיין אויפגאַבע איז געווען אַרויסצוברייינגען די פולע גאַמע פון פאַרבן און דעם סטיכישן אויפברויז און אויפגלי פון אונדזער היסטאָרישער  ט ק ו פ ע,  איז נישט מיין שולד, גלויב איך, וואָס פון דער צעאַקערטער, בלוט־געזעטיקטער רויערד זענען אויפגעגאַנגען די צוויי  ק ר ע פ ט י ק ע,  פּ אָ ש ע ט ע,  ק אָ ר ע נ ע  זאַנגען־זין —  ק אַ ל י א  ד ע ר  ק אַ ט אָ ר ז ש נ י ק  און  נ י ו מ אַ  ש אַ ר ל אַ ט אַ ן.

אַזוי צי אַזוי, אויב מיין בוך וועט באַם לייענער אַרויסרופן אַ באַוואונדערונג פאַר דעם טראַגישן און העראָאישן  פּ אַ ט אָ ס  פון  א ו נ ד ז ע ר  ד אָ ר,  וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין דער צעפּאָלאָשעטער וועלט אַלס וואָרנדיקער און אָנזאָגנדיקער  ס ע־מ אַ פ אָ ר  אַפן דאָרנדיקן וועג נאָך  ל י כ ט  א ו ן  ב ר ו י ט, — וועט מיין דיכטערישע אויפגאַבע זיין דערגרייכט . . .

ל. פּ.

א.

# באָלשעוויקעס

(עפּאָפּייע פון דער רוסישער רעוואָלוציע)

1927 — 1931

[ליכט און ברויט]

# 1. פּעוורא̄ל

## א. שוואַרץ-כאָגע

טילי-טילי — קלינגען גלעקער,
שפּרייטן סינע, גרויל און שעקער
רונד-און-רונד אַרום.

מענטשן קניען. זינגען כאָרן.
ווּעמען טראָגט מען אין אַן אָרען
צו דער לעצטער רו?

פּרעפּלען טפילעם בלינדע סטאַרצעס.
שילטן ווילד מאָנאַכן שוואַרצע,
שיטן רייד, ווי שרויט:

— „פון אַ האַנט אַ פּרעמדער, בייזער
אונדזער הייליקער הערלייזער
איז געפאַלן טויט!" —

קלאָגן שוואַרצע מעכאַשייפעס,
פּרעפּלען פּאָפּעס: — „ווייז אַ מויפעס,
גאָט באַווייז אַ נעס —

ס'זאָל פאַרטרייבן דעם ניט-גוטן
אונדזער פאָטערל ראַספּוטין,
אונדזער גרויסער מעס!" —

שפּאַנען הויקערס, שפּאַנען טרעגער
שלעפּן שווער אַן אַלטן פייגער,
וואָיען ווי די הינט.

קלאָגן סטאַרצעס, כליפּען פרומע:
— „ס'איז דער לעצטער טאָג געקומען,
ס'גייט דער יאָם האַדין!" —

שוועבט דער מעס אַף אַלע ראַגן,
טאַנצט און פּראַוועט שוואַרצע כאָגע
איבער גאַר דער שטאָט.

טאַנצט די שטאָט אַ דאַנס מאַקאַבער,
מ'איז די אַלטע וועלט מעקאַבער.
— היט און שיץ אונדז, גאָט!

## ב. פעוראַל

אַנטקעגן דער דומע, באַם טאַורישן שלאָס
האָט עס פּאָשעט זיך אָנגעהויבן.
ס'האָט שניידיק געברענט דער פעוראַלער פראָסט
און געפלאַקערט די שקיע אַף שויבן.

זענען ווייבער און קינדער פון הונגער און נויט
געקומען אין גרויע לאַטעס:
— „גיט אונדז שאָלעם און פרייהייט און קליידער און ברויט
און אונדזערע מאַנען און טאַטעס!"

און העל האָט געפלאַקערט דער הייליקער גרויל
אַף די געלע און מאַטע געזיכטער,
ווען פרעמד האָט צעהילכט זיך די ערשטע קויל
איבער קעפּ אַזוי פראָסטיק און ניכטער.

האָבן פרויען צעעפנט די מאָגערע בריסט,
געוויזן די נאַקעטע גלידער:
— „נאַט, נעמט אונדזער לעבן! וואָס זאַמט איר? — שיסט!
סאָלדאַטן... כאַווייריִם... ברידער...!" —

און שנעל איז געוואַקסן און העל זיך צעוויגט
די אומרו אַף גרויע בולוואַרן:
— „טויט צו די פירער פון שענדלאַכן קריג!
טויט צו די בלוטיקע צאַרן!" —

און ס'האָבן זיך אוטאָס געפּאַנצערט אין שטאָל,
געראַטשקעוועט, ווי טשערעפּאַכעס,
און ס'האָט איבער הערצער און שטאָט זיך געראָלט,
געקראָכן דער קלעפּיקער פּאַכעד.

האָט אופשטאַנד זיך ברויזיק צעקאָכט און צעברענט,
געשמידט זיך אין הייסע אָטריאַדן.
און ראַשיק געבויט האָבן פלאַמיקע הענט
אַף סקווער און אַף ראָג — באַריקאַדן.

פון דעכער אַף קעפּ האָט געזייט פּולעמיאָט
דעם בליי פון די קוילישע שנורן —
ביז ס'האָט זיך דערהערט איבער פּראָסטיקער שטאָט
די העלע, די ליכטיקע בשורע:

— „געפאַלן דער סוינע, געפאַלן דער טראָן,
געבראָכן די אייזיקע קריעס!" —
און ס'האָט זיך צעפלאַקערט די בלוטיקע פאָן,
ווי שויבן — פון פּראָסטיקע שקיעס.

ווען דריטער קאַיאַר האָט אַף גאַסן צעשפּרייט
די זון ווי אַ גאָלדענעם פּעכער,
זענען קערפּערס פון זעלנער געהאַנגען טויט,
ווי אייזיקע פראַנזן — פון דעכער.

ס'האָט מאַרט זיך צעשמאָלצן, צעיערט און צעקוועלט
מיט גליאיקער זון און מיט פרילינג —
און ס'האָט אָפּן בראָכשטול די שוואַנגערע וועלט
געבוירן אַ קנופּיקן צווילינג.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס'האָבן זיך טרונעס געוויגט אין דער ווייט
איבער קעפּ, איבער כוואַליקע, מידע...
— „איר זענט ווי קאָרבאָנעס געפאַלן אין שטרייט
אוים ליבע צו אייערע ברידער!" —

## ג. אין בעהאָלע

דער שקיע'ס בלוט אין רינשטאָקן פון אָוונט,
ווי פון אַ האָרוגס גאָרגל פּלייצט און קוועלט.
ס'ווערט יעדער מענטש אונדז פרעמד, ס'ווערט יעדער מענטש
אונדז נאָענט,
ווען ס'גויסעסט פלאַמעדיק אַ קראַנקע וועלט.

די קראַנקע וועלט, ווי אַ צעפּרייכטער בלאַטער,
האָט אופגעפּלאַצט אין אייטערדיקער רויט —
און ס'האָט אַ פייערדיקער אייזן אויסגעבראָטן
דאָס רויע ווילדפלייש און דעם פוילן קויט.

און ווי פון אונטערדעק, בעשאַס אַ קאַטאַסטראָפע,
ווען ס'שטויסט זיך אָן די שיף אָן באַרג פון אייז, —
פון אַלע ווינקלען לעכער זענען זיך צעלאָפן
די גרויע שטשורעס און די פעטע מייז.

און ס'האָבן אויסגעשטרעקט פאַרוואַקסן־גרינע זומפן
צעיאַטערטע און אייטערדיקע הענט.
און ס'האָט אַ גלאָק, — שלאַקריקיק און פאַרדומפן, —
צעוויגט זיך אין דער נאַכט:
— „געוואַלד —
— סע ברענט!“ —

## ד. שאָטנס

מיסטיקער:
אַף וועמעס באַראָט און מיט וועמעס גנאָד
צינדט זיך און שפּינט זיך די זונענראָד?
און ווער איז דער מושל און ווער איז דער קנעכט,
אַז אַלץ ווערט פאַרצערט אין געהיימען געפעכט?

גאַלעך:
אין הימל איז גאָט, אַף דער ערד איז גאָט —
און מיר זענען ווערים אונטער זיין טראָט!
טוט, זינדיקע, טשוואָווע און קניט אין געבעט —
וועט גאָט אייך פאַרגעבן, ווייל ס'איז נאָך ניט שפּעט!

פּאַרעץ:
די ערד, די געבענטשטע מיט שאָף און מיט רינד
געהערן מוז מיר און מיין הויזגעזינד.
און דעם פויער, דעם כאָם, איז פון אייביק באַשערט
צו גראָבן אין שווייס מיטן אַקער די ערד.

אומפּאַרטייאישער אינטעליגענט:
„זאָגט זיך אָפּ פון דער וועלט, פון דער פוילער,
טרייסלט אָפּ איר שטויב פון די שיך“ —
נאָר דער מענטש שטייט מיט האַרץ און מיט ווילן,
געשמידט צו זיין אייגענעם „איך“.

ב ו ר ז ש ו י:

„מיר באַדאַרפן קיין גאָלדענעם גווילעם,
מיר פאַרהאַסן דעם קייסערס פּאַלאַץ...“
נאָר באַפרייען דעם ווילדן אווילעם, —
וועט ער אויסרייסן אַלץ פון פּלאַץ!...

ב י ר ג ע ר:

עמעס, ס'איז שיין דער פּרעכטיקער ספּעקטאַקל:
רויטע פאָנען און העלער עקסטאַז.
...מ'האָט אָבער ביי מיין ווייב דעם פוטער פון קאַראַקול
אַראָפּגעשלעפּט נעכטן אין גאַס...

פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע:

ס'אַראַ טאָג! ס'אַראַ העלע פּענער!
ס'וואָלט אַלץ געווען פריילאַך און גוט —
האָט מען אָוועקגעשיקט אַלע מענער
אומזיסט צו פאַרגיסן בלוט!

צ י ו נ י ס ט:

נו, גוט, מ'האָט אָפּגעשאַפט דעם קייסער,
אַ דאַנק דעם אויבערשטן! צופרידן, מהייכע־טייסע!
נאָר צ'ריק גערעדט, — וואָס איז דער אונטערשיד:
אַזוינע, צי אַנאַנדערע מעמשאָלע,
אַז איד — בלייבט איד
און גאָלעס — בלייבט אַלץ גאָלעס...

מ ע נ ש ע ו ו י ק:

יאָ, עמעס, פריינט, ס'איז ביטער אונדזער דאָליע,
איר זענט גערעכט — נאָר כאַפּט זיך נישט — פּאַוואָלי!
וואַרט צו אַ ווייל, וואָס האָט איר נישט קיין צייט?
איר קאָנט נאָך אויפרייצן די פרומע, איידלע לייט!

„ק ו ל אַ ק“:

הערט נישט, בירגער, די היציקע שטאַמלער,
איבער אייגענע נוצן וואַכט.
דער דערווײלטער, דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג
די גאַנצע, די גאָרע מאַכט!

קערענסקי:
מיר האָבן זיך אָקאָרשט באַפרייט פון שקלאַפן,
פאַרכאַפּט פון שאַצקאַמער דאָס ביסל גאָלד,
געשטירצט דעם צאַר — און אַלץ אָן וואָפן —
און ס'האָט געזיגט דער בלוטלאָזער רעוואָלט.

צומאַלעמערשטן מוזן מיר באַשאַפן
אַן אָרדענונג מיט אַלע לייטן גלייך.
דערנאָכדעם... שפּעטער... וועט מען דאַרפן
אַ טראַכט טאָן וועגן „אָרעם־רייך“.

דערווייל נאָך רופט צו אונדז די שוטעפדיקע אייראָפּע,
מיר מוזן פירן ביזן סאָף דעם קריג.
סאָלדאַטן־בירגער, מאַרש אין די אָקאָפּען —
— מילכאָמע ביזן לעצטן זיג!

פויער:
גענוג אונדזער בלוט צו צאַפּן
און שטאָפּן די בייכער בא אייך.
לאָמיר, ברידער, די ערד פאַרכאַפּן
און צעטיילן זיך גלייך אַף גלייך.

מיר האָסן דעם פּרעפּל פון כאָרן,
דעם טעמפּן געזאַנג פון שווערד —
ס'וועט דער פויער אַף אייביקע יאָרן
זיין דער איינציקער האַר פון דער ערד.

לאָמיר גורטן די לענדן, כאַווער,
קעגן פאַרעץ און גאַלעך און גאָט —
וועט די זון, ווי אַ גאָלדענע פאַווע,
אונדז אַלעמען שיינקען גנאָד.

## ה. צו אַלעמען!...

פון אייז־ים ביז קאַווקאַז, פון ריגע ביז כאַבאַראָווסק,
אין סאַקליע פון טשערקעס, איןביידל פון קאַלמיק —
אַף לייענג און ברייט פון פראָנט: פון מיזרעך — ביזקל מיירעוו
האָט אָפּגעהילכט דער רוף: — מיר ווילן מער קיין קריג!“

— „צו אַלעמען! צו אַלעמען! אַן אויפרוף:
— חברים־זעלנער, אייגענע און פיינט,
קערט אָפּ, קערט אום די ליידיקע ווינטאָוועקעס
און ברידערט זיך מיט סוינע ווי מיט פריינט!

— „גענוג זאָל זיין, איר רייטער, און איר, גייער,
פאַרבלאָנקעטע אַף יעדן שליאַך און שטיין, —
עס בייגקט די ערד נאָך אַקערער און זייער
און ס'איז שוין צייט זיך אומקערן אַהיים. —

— „מיר דאַרפן שאָלעם פאַר די אָר'מע שטיבער,
מילכאָמע פאַר די רייכע ווענט!
פאַרשטעקט, פאַרשטעקט „די שפּיזן אין די גריבער"
און שטרעקט דעם סוינע ברידעלאַכע הענט! —

— „ס'איז נישט דער דייטש מער אונדזער ערגסטער סוינע
און נישט די קויל און אויך נישט דער שראַפּנעל.
ס'איז אונדזער פיינט אַצינד די גאָלד־געקרוינטע זוינע:
די גאַנצע קרעציקע און עיפּעשדיקע וועלט! —

— „גענוג מיט אונדזער פליש צו קאָרמען שוואַרצע ראָבן
און אָנזאַפּן מיט אונדזער בלוט די ערד.
כאַוויירים טייערע, אַרויס פון טוכלע גראָבנס,
אַנאַנדער פראָנט פון איצט איז אונדז באַשערט! —

— „פאַראַן אַ קריג אַ שווערערן צו פירן
אַנטקעגן פיינט אין אייגענע פיר ווענט.
דאָס לאַנד איז אופגעברויזט: פאַראַן זיך וואו צעפירן
די שטאַרקע, האַריקע, די אופגעפלאַמטע הענט. —

— „די האַנט איז טריי און אויסגעפּרואווט אין וואָפן.
די קראַנקע וועלט פאַרגייט אין שקיע־רויט.
שטייט אוף איר, אַלע, ווער ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבן מוז און נויט!" —

# 2. אָקטיאַבער

## א. סינע

ס'האָט סינע געברענט און געזעטיקט דאָס האַרץ,
ווי קוילן געגליט האָבן בליקן.
ס'האָט אומרו געוואָיעט, ווי ווינטן אין האַרבסט,
אין דערפער, אין שטעט, אין פאַבריקן.

און ווילד האָט צעוויגט זיך די קרוינשטאָט אין שרעק
מיט גאָר אירע האַפנס און טורעמס
און ברויזיק געטומלט פון עק ביז עק,
ווי האַרבסטיקער וואַלד אין שטורעם.

און שווער האָט געאָטעמט פעטערס שטאָט,
פון צאַר־דאָרף — ביז פעטראָפּאַוולאָווסק:
— „שוין צייט זיי באַצאָלן פאַר בלוטיקן טראָט,
פאַר אַלע, פאַר א ו נ ד ז ע ר ע וואָלעס!" —

— „כאַווײרים, דערוואַכט פון געפענטעטן שלאָף,
שטייט אוף פון אָקאָפּישן שלאָבער:
מ'האָט אין מאַי אונדז פאַרשפּראָכן צום קריג אַ סאָף —
און איצט איז שוין שפּעטער אָקטיאַבער!

— „פעוורואַל האָט מיט האָפנונג געגליט און געברענט,
געצונדן, ווי ליכט פאַר אַ טפילע.
נאָר ס'האָבן פאַרראָטן די בלוטיקע הענט
פון קערענסקי און פון קאָרנילאָוו.

— „געדנוג אונדז צו הערן די טוכלע רייד
וועגן זיג און שווערדל-פאָכן.
מיר פאָדערן שאָלעם און ערד און ברויט,
וואָס ס'האָט אונדז פעוורואַל פאַרשפּראָכן!" —

אָף ברעגן אָף נעווע'ר, אָף קאַלטן גראַניט
געזאָטן האָט שוימיקע פינע,
נאָר זודיקער נאָך האָבן הערצער געגליט
מיט רויטער, מיט שוימיקער סינע.

און מיט זיכערן טראָט און מיט שטאָל אין בליק
און מיט פּאָשעטע רייד, וואָס ברענען,
געגרייט האָט זיך שטיל דער ליסער קאַלמיק —
וולאַדימיר אילאיטש לענין.

## ב. סמאָלני אינסטיטוט

אין יענעם טאָג פון פרי־באַגין (אויב גוטיק איז און וויכטיק
דער צופאַל צו פאַרצייכענען אין פּינקעס פון געשיכטע!)

געקראָפּעט האָט אַ רעגנדל, אַן עסעריקס און קאַלטס,
אַף טומבעס אַף פּראָספּעקטישע, אַף גלאַנציקן אַספּאַלט.

העי, ווער האָט גאַסן ליידיקע, ווער האָט פּוסטע סקווערן
אָנגעפילט מיט קויל־געבראַזג, מיט קראַך פון העוואַלווערן?

ווער האָט דאָס אַ לאָז געטאָן אַף קרוינשטאָט אין גאַלאָפּ
דעם רייטערמאַן דעם קופּערנעם מיט שטורעמדיקן קאָפּ?

ווער האָט אין קרוינשטאָט כמאַריקער און ווער אַף ברעגן נעווע'ר
אין נאַכט, אין שרעק און פינצטערניש זיך הייזעריק צערעוועט?

און ווער האָט עס אַרויסגעיאָגט אין טייוולישן געוועט
פון סליאָטעס פּעטראָגראַדישע דעם זומפּעדיקן שעד? . . .

דאָס האָבן זיך צעבונטעוועט די רויטע עשאַלאָנען
מיט פלאַקערדיקע פּענימער און פלאַטערדיקע פאָנען.

איבער סומנע רינשטאָקן רינען ריקעס בלוט, —
ציען זיך, ווי פּעדימער, צום סמאָלני אינסטיטוט . . .

פון קראָנשטאָדט ביז גאַטשינאַ — אַף בריטן און אַף לייננן —
איז איינגעקלאַמערט פּעטראָגראַד אין שטאָלענע אָפּצווייגונגען.

בלויז אין סמאָלנים צימערן, אַף טרעפּ, אין קאָרידאָר
איז שטילשווייג און דערוואַרטעניש און שיפּעדיקער שאָרך.

אין יענער נאַכט געשמידט האָט זיך אַהינטער סמאָלנים טויערל
אַף שפּעטערע יאָרהונדערטער דער וועלטס און רוסלאַנדס גורל.

ס'האָט קיינער דעמאָלט נישט געוואוסט, ס'האָט קיינער נישט געאַנט
דעם קויאַך דעם פאַרהוילענעם פון אופגעצאַמטער האַנט.

ס'האָט טראָצקים קרייזלדיקער קאָפּ מיט בערדל, ווי ביים טייוול,
אַשיר געפּלאַצט אין יענער נאַכט באַם שיפּעדיקן טרייבל.

און ס'האָט אין אָפּשיין טויטלאַכן פון סטעאַרינע ליכט
געמיניעט זיך באַ לענינען ס'קאַלמיקישע געזיכט.

## ג. באַם ווינטער־פּאַלאַץ

און איינער אַ יונג, מיט אַ פּאָנים פון שטאָל
און מיט העַנט, ווי צוויי מאָכיקעביימער,
האָט העָל זיך צעשריען מיט אַ מעכטיק קאָל:
— „כאַווײרים!...
אַצינד...
אָדער קיינמאָל!...“—

און היים האָט געפלאַקערט דער פלאַמיקער רוף,
געצונדן די הערצער, ווי בריקן:
— „העי, יונגען, העי, יאַטן, וואַכט אוף און שטייט אוף.
אין דערפער, אין שטעט, אין פאַבריקן! —

— „כאַווײרים, אין רייען צום ווינטער־פּאַלאַץ,
צו דער פעסטונג, דער לעצטער פון יונקערס!“
און ביקס האָט געקלאַפּט אין קאָנטאַקט מיטן האַרץ
און האַרץ האָט געשפּריצט מיט פונקען.

און ס'האָבן געהאַוקעט אָף דאַך, און אָף פלויט
געטרייע, ווי הינט, פולעמיאָטן —
און בלוטיק איז דעמאָלט די שעפּע פון טויט
אָף שטיינערנע פעלדער געראָטן.

און הייסער פון הערצער געברענט האָט די שלאַכט,
געגליט אין די ברוויזיקע בלוטן:
— „איר, תינטישע זין, גיט אונדז אָפּ די מאַכט,
גיט אונדז בעסער די מאַכט מיט גוטן!“

און ס׳האָבן פּאַדיאַװוקעס און לעדערנע רעק,
מיט הערצער צעבליטע פון װינטן,
געקעמפט מיט באַגנעטן, מיט פויסטן און העק
אַנטקעגן דעם לעצטן געזינדל.

ס׳האָט בלוט זיך געגאָסן פאַר יעדן שפּאַן
אַף פּליושענע װענט פון זאַלן —
און טויט איז געפאַלן דער לעצטער קלאַן:
דאָס רעשטל פון צאַרס גענעראַלן.

װען ס׳האָט זיך צעגעניצט דאָס דאַרשטיקע מויל
פון באַלטישן קרייצער „אַװראָראַ“,
האָבן יונקערס געװאָרפן די ביקס און קויל
אַף טרעפּ פון פּאַלאַצס קאָרידאָרן.

און דערזעלבער יונג, מיטן פּאָנים פון שטאָל,
נאָר מיט אויגן — װי בלויע זונען,
האָט העל זיך צעשריען מיטן מעכטיקן קאָל:
— „כ אַ װ י י ר י ם,
מ י ר ה אָ ב ן
ג ע - װ אָ ו - נ ע ן!!!!“

ס׳האָט זון שוין געטראָטן מיט גאָלדענעם שוך
איבער װאָלקנס, װי טעפּיכער װאָלענע,
װען ס׳האָט זיך צעצונדן דער רויטער טוך
אַפן העכסטן שפּיץ פון סמאָלני.

* * *

און ס׳האָט די בסורע זיי דערגרייכט אין מאָרגנדיקן טונקל:
„ס׳האָבן רויטע אָפּגעשלאָגן „זימני“ ביי די יונקערס!

„ס׳האָבן רויטע שוין פאַרכאַפּט דעם צאַרדאָרפער װאָקזאַל!
„ס׳האַלטן רויטע זעלנער װאַך שוין איבעראַל!“

דעמזעלבן אָװנט אין רעװקאָם האָט לענינס שטים געדונערט:
— „מיר האָבן היינט נישט רוסלאַנד בלויז — דעם ערד־קיילעך
געװאונען!“ —

און טראָצקי האָט געציקלט זיך מיט קלינגדיקער קעל:
— „זאָל לעבן מאַכט פון אַרבעטער איבער גאָר דער װעלט!“ —

## ד. ראַדיאָס

הודיען איבער פּעטראָגראַד ראַדיאָ-אַנטענעס:
— „די מאַכט באַ די סאָוועטן — סאָוועטן זענען לעניגס!“ —

פליען הייסע ראַדיאָס פון דאַנען און ביז דאַן:
— „ס'האָט מאַכט פאַרכאַפּט די אַרבעטער-און-פּויערישע האַנט!“ —

פליען הייסע ראַדיאָס: — „אָקטיאַבער פינף-און-צוואַנציק
צו אַלעמען, צו אַלעמען, צו דער וועלט דער גאַנצער,

— „צו יעדן פּויער-אַרבעטער, געבוירענע אין נויט,
ערשטנס, ווילן פרידן מיר און צווייטנס — ליכט און ברויט.

— „שרייען מיר ביז הייזעריק, רופן מיר און שאַלן:
שאַלעם פאַר די שטיבעלעך — מילכאָמע צו די זאַלן!

— „בויען מיר און שמידן מיר אַ כאַוועריש בריק
פון פּויערים און אַרבעטער, פון ערד און פון פאַבריק.

— „רופן מיר צו אַלעמען פון נאָענט און פון וויטן:
גרייט זיך צו די לעצטע, אַנטשיידנדיקע שטרייטן!

„גרייט זיך אונדז פאַרטיידיקן מיט אייער אייגן בלוט!
לענין. רויטער פּעטראָגראַד. סמאָלני אינסטיטוט.“ —

פליען הייסע ראַדיאָס פון דאַנען און ביז דאַנען,
טרייסלט, וואַקלט זיך די ערד אין פאַכעד און אין פּאַניק.

קראַכן בירזשעס, פאַלן מערק פון פּריסקאָ ביז בערלין —
איבער וועלט צעפלאַשעטער שאַריעט אַף באַגין.

## ה. דאָס איז געווען דער לעצטער

און ס'האָט זיך די בסורע צעוויגט און צעשפּרייט
אַף גאַסן, אַף שטיבער און פּלויטן,
און העל האָט געהילכט אין קאַזאַריקער פרייד
דער כאָר פון די זיגער, די רויטע:

ס אָ ל ד אַ ט ן א ו ן אַ ר ב ע ט ע ר ־ כ אָ ר:

— „עס ברענט דער זיג ווי העלער פֿאַרמעט
אין הייסע הערצער וועקט און מאָנט:
שטייט אויף, איר, זין פֿון נויט און אָרמוט,
דער טאָג פֿון רעכנשאַפֿט איז נאָנט!

דער שטרייט איז היים און וועקט צו טאַטן,
ווי סרייפֿעס אין דער שוואַרצער נאַכט.
מיר וועלן אָפּגעבן די ר אַ ט ן
די גאַנצע האַרעפּאַשנע מאַכט!

מיר שטערן און בויען
פֿון ברויזיקן טויאו
דורך שנייען און קעלט.

מיר וועבן און שפּינען
אין גאָלד פֿון באַגינען
אַ ליכטיקע וועלט.

די קראַנקע וועלט פֿאַרגייט אין זשאַווער,
אַ ברודנע, ווי אַ קוטיק העמד.
ביזט נישט אומזיסט, געטרייער כאַווער,
געשטאָרבן העפקער אין דער פֿרעמד.

די האַנט איז אויסגעפּרואווט אין וואָפֿן.
די קראַנקע וועלט פֿאַרגייט... פֿאַרגייט...
ש ט י י ט א ו ף, א י ר, אַ ל ע, ו ו ע ר, ו ו י ש ק ל אַ פֿ ן,
א י ן ה ו נ ג ע ר ל ע ב ן מ ו ז א ו ן נ ו י ט!" —

מיר שמידן דעם ווילן,
דעם הייליקן ווילן
פֿון אַרבעטער לייט.

ס'א י ז, ב ר י ד ע ר א ו ן ש ו ו ע ס ט ע ר,
ג ע ו ו ע ן ד אָ ס ד ע ר ל ע צ ט ע ר,
אַ נ ט ש י י ד ע נ ע ר ש ט ר י י ט!" —

# 1. כאַזווירים

## א. ניומאַ פרידקין

### 1. אַדעס

אַדעס, דו זידלאַכע פּאַלמיראַ,
אַ, שטאָט פון צוגווינטן און שטיין,
ס'האָט פּושקין נאָך געזונגען שירע
דיין גאָלדיק-צויבערלאַכן כיין.

אין דיינע שיקלדיקע ליקן,
אָף דיינע סקווערן — רונד און ברייט —
אָף דיינע קרייצנדיקע בריקן
האָט דאָרעם זוניק זיך צעשפּרייט.

האַלב-מעקלערין און האַלב-קאַקאַטקע,
האַלב-סעדיכע און האַלב-מאַדאַם, —
אַ, שטאָט פון ליבע און טשעטשאַטקע,
אַ, קליין-פּאַריז באַם שוואַרצן יאַם.

פון אומעטום, פון ווייטסטע טיילן,
מיט שיף, מיט פורן און מיט באַן,
פלעגט האַלבע וועלט זיך קומען היילן
אָף דיין כאַדזשבייעווער לימאַן.

אַ, שטאָט מיט לאַנגע דורכגייינג-הייזער,
אַ, קראַך פון בלענדיקן מיראַזש, —
דיין גורל היט דער קרומער ווייזער
אָף געלן טורעם פון פּאַסאַזש.

אָף דיינע אויסגעפּוצטע גאַסן,
אָף דיינע טומלדיקע מערק
אַ באָוועלדיקער מיש פון ראַסן:
כאָכאָל, אַרמענער, איד און טערק.

עם פינקלען מויערן, ווי קובן,
פון רויטן ציגל און גראַניט
און ווינטן יאָמערן און טרובען
אָף דיינע סקווערן זייער ליד.

אָ, לאַנזשעראָן, אַף דיינע פעלזן
ווער ס׳האָט דעם רויש פון יאַם געהערט,
דעם וועט שוין קיינמאָל נישט געפעלן
קיין אַנדער זון, קיין אַנדער ערד.

* * *

אָ, שטאָט פון פּושקינען און דיוק׳ן,
אָ, אויסדערוויילטע צווישן שטעט,
האָסטו מיט רוסלאַנדס ברויט און צוקער
א האַלבע וועלט געשפּייזט צוזעט.

אַף דיינע ליימיק-רויטע סקאַלעס
אין שאָ פון שקיע און באַגין
פּאַלאַצן טורעמען, ווי קאַלעס,
אין ראַם פון שוימנדיקן גרין.

עס רוישט סיי זומער און סיי ווינטער
דער שוואַרצער יאַם אין טיפן יאַר —
און ס׳קוקט אַרונטער פּושקינס טינטער
פון ניקאָלאַיעווער בולוואַר.

און דאָרט, וואו ס׳שלייַנגלט זיך דער וואָרעם
פון לייכטטורעמס געפּעלזטן צאַם,
גריסט דיוק מיט אויסגעשטרעקטן אָרעם
דאָס מויל פון שטורעמדיקן יאַם.

עס טומלט האַוועדיק דיין האַפן
באַם אויסגוס לעבן רויטן ריף:
באַסיאַקעס אַרבעטן, ווי אַפּען,
אין אויסגעהוילטן בויך פון שיף.

און קראַנען הויערן און הויבן
קאָרזינעס לימענעס און ניס,
קאַשטאַנעס, באַשמאַלאַ און טרויבן,
האַלוואַ און מאַנדלען און קומיס.

מאַראַנצן, קאַפע, טיי און קנאַסטער —
עס פליען פריידיק טיוק נאָך טיוק —
און ס׳טאַראַראַכקען ווילד און האַסטיק
פורגאַנען אַפן הוילן ברוק.

אָ, שטאָט פון ליבע, שטאָט פון הענדלער,
ווער ס'איז געבוירן אַף דיין ברעג,
פון אַלע קישעפדיקע לענדער
וועט זוכן צ'ריק צו דיר אַ וועג! . . .

2. ש אַ ל אַ ש נ ע ל י ק

דאָרט, וואו אין בלוי-געפלעקטע רוימען
אַריבער גלאָצנדיקער שטאָט
שטאַרצט טראָציק הויך אַ רויטער קוימען
פון בייערם לעדערנעם זאַוואָד, —

וואו דאַלעס הייגגט אַף די קאַרניזן
און אומגליק פויזעט — פויל און דול —
האָט נ י ו מ אַ פ ר י ד ק י ן זיך באַוויזן
אין געסל פון שאַלאַשנער שול.

ס'האָט אים די בעקערין, זיין מאַמע, —
געשטופּלט, הינקעדיק און רויט, —
געבוירן אין אַ בלינדער קאַמער,
פאַרקנעטנדיק אַ מולטער ברויט.

אַף בעטן סקריפּיקע, ווי אַקסן,
אַף טוכלע בוידימער מיט קעץ
איז ניומאַ העפקערדיק געוואַקסן
אין קויט, אין אומפּלייט און אין קרעץ.

געהייסן האָט ער פּאָשעט נ אָ כ ע ם,
געהאַט אַ פלינקע, בלאָטע האַנט, —
האָט אים די בייזע מומע בראָכע
גערופן נ י ו מ אַ ש אַ ר ל אַ ט אַ ן.

זיין קינדיש האַרץ האָט פרי באַנומען
די גרויסע קיילעכדיקע וועלט,
און אַלץ איז ליב געווען באַ ניומאַ'ן,
מיט פרייד און יוגנט-טוי באַהעלט:

די ווייטע, בלענדנדיקע בוכטע,
די העלע דאָרעמדיקע שטאָט,
דער שאַרפער גרוך פון רויע יוכטן
אַף בייערס לעדערנעם זאַוואָד,

אקאַציעס שנייאיק־ווייסע צוויטן,
און יונגער, שמעקעדיקער בעז,
און טעג און נעכט, ווי ווײנשל־בליטן
אין ברויז פון ווייניקן מעסלעס.

איז גוט געווען צו כאַפּן טויבן
און פאָרן זיי אין טויבנשלאַק
און ציילן שטערן, ווי די טרויבן,
אין הימלס לעכערדיקן זאַק.

אַף גאַנצע טעג פאַרפאַלן ווערן
מיט יונגע לאָבוסעס, ווי ער,
און נאָך אַ רעגן זוכן ווערים
אין פייכטער, זומפּעדיקער ערד.

נאָר איידער ס׳האָט דער יונגער לאָבוס
אַרומגעקוקט זיך אַף דער וועלט,
האָט ער געדאַרפט שוין לאַטען שקראָבעס
באַם בלינדן שוסטער — אַ געזעל.

האָט ניומאַ פרי געגומען האַסן
מיט וויטיק אין צעריצטן בליק
דעם לאָסק פון העל־פּאַראַדנע גאַסן,
דעם אומעט פון שאַלאַשנע ליק.

און אַז ס׳איז ניומאַ׳ן אויסגעקומען
פאַרבייגיין שפּעט די האַנדלסגאַס
נאָך שווערער אַרבעט, — מיד, פאַראומערט, —
האָט ער געזען מיט פּיין און האַס:

ווי ס׳האַוועט, ס׳שמייעט מענאַכעם־מענדל
אין רוסלאַנדס שעפעדיקן פּאָרט
און פּירט מיט ווייטע, פרעמדע לענדער
זיין רייכן מיסכער אַף עקספּאָרט.

און ס׳האָט געפלאַגט אים און געעקלט
און ס׳האָט געפייניקט און געגאַגט:
דער דריי פון מענאַכעם־מענדלס שטעקל,
דער ציניש־ניכנעדיקער זאַג:

— „דער גױ איז נישט קײן שפּעטנער פּאַניע,
דער איד איז אָבער נישט קײן נאַר, —
קוים דרייט ער אוים זיך בײ פּ אַ נ ק אָ נ י
דאַן כאַפּ איך אים באַ ר אָ ב י נ אָ!"...

האָט ער פון האַנדל פון פאַרפלוכטן
זיך אָפּגעקערט מיט האַס און שפּאָט
און הייסער נאָך געסמאָלעט יוכטן
אַף בײערס לעדערנעם זאַוואָד.

מיט פּיין, מיט מוירע און מיט סינע
האָט ער געדיינקט פון קליינערהייד:
די שווערע טעג פון נ י י נ צ ן - פ י נ ע ף,
פּ אָ ט י אָ מ ק י נ ס אופשטאַנד אַפן רעיד.

און טיף אין קינדישער נעשאַמע
האָט ער געאַנט, ווי דורכן שלאָף,
אַ וואָרט אַן איבלדיקס „ פּ אָ ג ר אָ מ ע ן"—
און קעפּ געשאָכטענע, ווי שאָף.

האָט ער געאַרבעט אַף צופלייסן,
מיט האַס באַפליגלט און באַזעלט:
אַמאָל מיט פולווער אופצורייסן
די גאַנצע איפּעשדיקע וועלט.

3. נ אַ ל י אָ ט ש י ק ע ס

פליען קאָלנערס פוטערנע אין פּאַכעד און אין פּאַניק
פון שטאָט פון צעפּאַלאָשעטער אַף וועגענער און באַנען.

ברענען הימלען נאַכטיקע צונטער, ווי קומאַטש, —
פּעטליורא שפּאַנט פון בירזולע, די דייטשן — פון באַכמאַטש.

אַף סקווערן, אַף צעכראַסטעטע, — ווי שטורעמדיקע ווינכערס,
בושעווען נאַליאָטשיקעס, הוליען מאַראַוויכערס.

הערשן מאָרד און פלינדערונג, גזילע און נאַליאָט
איבער דער צעבויטעטער און גלאַצנדיקער שטאָט.

און איבער יאַטן בלאָטע, איבער העפקער׳ס ריטער
מיט ווילן מיט געשטאַלטיקטן, מיט אָנשרעק און מיט ציטער,

אַף לעבן און אַף אומקום, מיט ברוינינג און נאַגאַן, —
קיניגט זייער אָנפירער — נ י ו מ אַ ש אַ ר ל אַ ט אַ ן.

פליסט און שטראָמט און בושעוועט בלוט, ווי הייסע ריקעס:
— „טויט די ספּעקולאַנטן! טויט די בירזשעוויקעס!“... —

לויפן ספּעקולאַנטן פון גאַס און פון בולוואַר,
פליען קאַלנערס פוטערנע אין רינשטאָק און אין יאַר...

4. ש ל אָ פ ט א י ן ק ל א מ ע ר ן...

שלאָפט אין קלאַמערן געצוימט די מיהע שטאָט.
גאַסן פוסטע — ס׳הילכט אין מויאַך יעדער טראָט.

וואַכט די אַלטע וועלט — אַ סאָווע אין דער נאַכט — — —
היט זיך, סוינע, ניומאַ׳ס כעוורע וואַכט!

— „בלאַטע ברידערלאַך, כאַוויירימלאַך, פּאַראַוים,
לאָמיר מאַכן אַ באַזוך פון הויז־צו־הויז,

— לאָמיר זוכן, לאָמיר נישטערן געטריי —
אַלעם מעגן מיר, ווייל אַלץ איז אונדז פריי.

אַף די בוידימער, אין קעלערס כאַפּט אַ קוק:
עפשער האָט זיך דאָרט פאַרטייעט אַ בורזשוק.

שפּאַרט קיין קויל נישט, טוט אים אָפּ זיין רעכט —
ווער קען קלערן: ווער ס׳איז שולדיק, ווער — גערעכט?“ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון שטאָט פון צעפּאַלאַשעטער אַף וועגענער און באַנען
פליען קאַלנערס פוטערנע אין פּאַכעד און אין פּאַניק.

און איבער סקווערן נאַכטיקע, מיט ברוינינג און נאַגאַן
הוליעט מיט נאַליאָטשיקעס נ י ו מ אַ ש אַ ר ל אַ ט אַ ן.

# ב. קאַליאַ בעססאָנאָוו

נישט קיין מילן מאָלן ברויט, נישט קיין לייבן ברומען,
ס׳קייען אַף די באַקציינער קאָלינקאַ מיט ניומאַ׳ן.

באַ אַ טיש אַ קויטיקן אין רויכיקן טראַקטיר
עסן וואָבלע טרוקענע, פאַרטרינקען זי מיט ספּירט.

זידט און קאָכט זיך קאָלינקאַ, דאָס נעזל ווי אַ קנעפּל,
גליט און פלאַמט און מיניעט זיך אַף שפּיצעכדיקן קעפּל.

שווער איז אים און שרעקעוודיק און אומעטיק און גוט:
פון ספּירט פון אויסגעטרונקענעם, פון אופגעברויזטן בלוט.

אין אַ נאַכט אַ פּראַסטיקער, אַ נאַכט אַזאַ פאַרהאַסטער,
ווילט זיך פאַר אַ הארציקן, פאַר אַ פריינט צעכראַסטן.

ווילט זיך אים אַרויסזאָגן אַלץ, וואָס גריזשעט, פרעסט
ס׳הארץ זיינס דאָס פאַרוואונדיקטע, — די שטורעמדיקע נעסט.

— „עך, דו, ברודער הארציקער, עך, טאָוואַרישטש ניומאַ,
הערסט ווי ס׳האווקען שטורעם-הינט, הערסט ווי ווינטן ברומען,

— הערסט ווי זאַווערוכע האָט צעקייכט זיך און צעהוסט, —
הייסער נאָך און בייזער נאָך קאָכט ביי מיר אין ברוסט.

— וויפיל, כאַוועך, האָבן מיר אין פריען און פאַרנאַכטן
גענעריקט זיך, געשלאָגן זיך אין פלאַקערדיקע שלאַכטן?

— וויפיל וועט נאָך אויסקומען אונדז ביידן — זייט באַ זייט —
רייסן זיך און בייסן זיך מיט סאָנימלאָך אין שטרייט?

— וואָס-זשע פרעסט באַ מיר אָט-דאָ אַן אומעט און אַ וויטיק
גלייך ווי כ׳וואָלט שוין נאָכאַמאָל געשמידט געווען אין קייטן,

— גלייך ווי כ׳וואָלט נישט דאָ מיט דיר געזעסן אין טראַקטיר, —
נאָר געשפּאַנט אַף קאַטאָרגע אין טייגעס פון סיביר? . . .

— עך, טאָוואַרישטש ניומאַ, — אין ברויטיקער קלוגע
האָט מיין קינדהייט אָפּגערוישט, אָפּגעבליט מיין יוגנט.

— ס׳שטייט נאָך איצט מיין דערפל באַם ליימיק־רויטן יאַר:
צוויי צלאָמימלאַך, ווי ציבעלעס — דער קלויסטער אויפן באַרג.

— אין אַ סומנער, אָרימער, פויערישער כאַטע
האָט געוויגט מיין וויגל אַן אַלטער בלינדער טאַטע.

— ס׳האָט דער שווער אַכזאַריעסדיק געקאַטעוועט זיין שנור —
איז די מאַמע אויסגעגאַן ביים שווערינקן געבורט.

— צווישן וועלדער יאַלעווע און רווישנדיקע קליאַנעז,
דאָרט האָב איך מיך אויסגעפּיקט — קאַלינקאַ בעססאַנאָוו.

— דאָרט האָב איך כאַזיירים געפּאַשעט אויפן פעלד,
דאָרט האָב איך שוין יונגערהייט געסמאַליעוועט אַ וועלט.

— אויפן יאָר, אַף פופצנטן געשאַרפּט האָב איך שוין ליאַסן,
נישט געוואָלט שוין אַרבעטן באַם סטעלמאַך אַפאַנאַס׳ן.

— געווען בין איך אַ יונג — אַ כוואַט, געוואַקסן אַ מאַסטאַק, —
האָט עס מער געצויגן מיך צו טראַשקע׳ן אין קאַבאַק.

— צווישן מוידן דאָרפישע איז ט אַ נ י אַ , ווי אַ לאָזע,
פלינק און שלאַנק און בויגעוודיק, אַ מויד — אַ ווילדע קאָזע.

— האָבן שטיינער היים געגליט אונטער אירע טריט, —
האָבן אַלע מענער זיך געקלעפּט צו איר, ווי קיט.

— געווען איז זי אַ ווינט אין פעלד, אַ יאַטיכע — אַ שעלמאַ,
דאָס טעכטערל דאָס איינציקע פון אַפאַנאַס־דעם־סטעלמאַך.

— האָבן אַלע הערצער געפּענטעט אירע צעפּ —
האָט זי אַלע באַכערים פאַרדרעליעוועט די קעפּ.

— צווישן אַלע באַכערים האָט זי אויסגעקליבן
מיך דעם איין־און־איינציקן צו לאַשטשען און צו ליבן.

— נאָר נישט אַנדערש, ברודערל, געווען אַ שעד אין איר, —
ס׳האָט די מויד פאַרפייניקט מיך, געטריבן קיין סיביר.

— געוועזן באַ אונדז אַ פּאַרעצל, אַ קליינס, אַן אָפּגעקראַכנס,
מיט וואָנצעס — יאָזשן שפּיציקע, מיט שטאַרצנדיקע קנאַכנס,

— נאָר שטאָלץ ז'געווען דאָס פּאַרעצל, ווי אָנגעפּראָפּט מיט פּליי —
געוועזן איז ער אַ פּראָפּאָרשטשיק, געדינט אין דער אַרמיי.

— איז אָט אָף דעם־אַ פּאַרעצל, איז אָף אָט־דעם מאָסקוויטער
האָט די מויד די שעלמישע איר קאָליאַ'ן אויסגעביטן.

— האָט זיך ס'בייזע בלוט צעשפּילט — און כיק דעם אָפיציר —
האָט מען מיך אוועקגעשיקט אָף אייביקע סיביר.

— האָט מען מיך אוועקגעשיקט שפּאַנען איבער שפּאַלן,
איבער טייגעס שנייאיקע, געקאָוועט אין קאַנדאַלן,

— מיך מיט הונדערט ברידערלאַך, מערדערלאַכע זין, —
אַרבעטן אָף קאַטאָרגע אָף אינדזל סאַכאַלין.

— פינעף יאָר געמוטשעט זיך צווישן טייגעס וויסטע —
געקומען ניינצן־זיבעצן מיט פרייהייט און אַמניסטיע...

— מ'האָט זיך דאָן אַ ריר געטאָן פון טייגע און פון סטעפּ —
האָבן מיך „פּאָליטישע" קיין פּעטראָגראַד פאַרשלעפּט.

— ס'האָט קרוינשטאָט דאָן געבושעוועט, ווי פרילינגישע ריקעס —
אַ קוק געטאָן, אַ קלער געטאָן, אוועק צו באָלשעוויקעס.

— און ווען די שאַ געשלאָגן האָט, — אין סמאָלני'ס רויטן שטאַב
האָב איך מיט נאָך כאַווירים געקאָוועט דעם אָקטיאַב.

— אָף קאַוויאָרן פּליושענע פון דעם ווינטער־פּאַלאַץ,
וואו געפּאַכטן לעדער־רעק האָבן פּעסט, ווי סקאָלעס,

— וועסטו איצט געפינען נאָך, אויב וועסט זוכן גוט,
פלעקן איינגעזאַפּטענע פון מיין הייסן בלוט.

— זינט דערמאָלט וויפיל האָב איך שוין אין פריען און פאַרנאַכטן
געריסן זיך, געשלאָגן זיך אין פלאַקערדיקע שלאַכטן?

— וויפיל שטרייטן וואַרטן נאָך אין וויטערדיקן וועג?
וואו וועל איך צעבייטן די צאַפּלדיקע טעג?

— פאַר די יאָרן זודיקע, פאַר די הייסע צייטן
האָבן פיל געלערנט מיך די אָפּגערוישטע שטרייטן.

— כ'האָב דערטראַכט זיך כאַווערל, צו אַזאַ געדאַנק, —
אַז די גאַנצע אַלטע וועלט מעכולע איז און קראַנק.

— גיב אַ קראַץ דעם מענטשן — אונטער זיבן הויטן
וואַכט אין אים אַ בייזע קראַפט צו מאָרדעווען און טויטן.

— דאַרף מען גאַר די אַלטע וועלט צעלעכערן מיט בליי,
דאַרף מען ווידער אופבויען פונאַנהייב און אַפסניי.

— ס'איז דער הימל אַלעמענס, ס'איז די ערד אויך אַלעמענס...
ס'דאַרפן גאָרנישט טויטע בלויז אַף שטילינקע בייסאַלמענס...

— קאַל־זמאַן דער מענטש איז לעבעדיק, דאַרף ער מער און מער...
קעמפן מיר פאַר יעדן אוים אַ זאַטן רייפטל ערד...

— קעמפן מיר דאַ, כאַוועה, פאַר אַ נייעם לעבן,
זענען מיר די יונגע קעפ גרייט דאַ אָפּצוגעבן.

— טרינקען מיר דאַ, ברודערל, פאַר אַ נייער וועלט,
וואָס אין בלוט פאַרקנאָטענע יערט זי שוין און העלט..." — —

פון די רייד צעוואַרימטע, פעסט אַרומגענומען,
זיצן צוויי כאַווײרים, קאַלינקאַ מיט גיומאַ'ן.

באַ אַ טיש אַ קויטיקן אין רויכיקן טראַקטיר,
עסן וואַבלע טרוקענע, פאַרטרינקען זי מיט ספּירט.

און אַז ס'נעמט אין דרויסן שוין יונגער טאָג שאַריען,
שלאָפן צוויי כאַווײרים, צעכראַסטעט און צעפריעט.

כראָפען זיי פאַרמאַטערטע אַף הווילינקער אַף ערד, —
ס'איז נאָך פיל שעליכעסן זיי דורכפירן באַשערט . . .

# 2. כאָאס

## א. טאָרבעניקעס

פּיקלען שטורעמס האַרבסטיקע, טרייסלען רייפע ברויטן, —
ס'האָבן פעלקער שקלאַפישע צעברויזט זיך און צעבויטעט.

וואָיען כאַיעס, יאָמערן אין אומעט און אין וויי, —
ס'האָט צעווויגט, צעקלויצעט זיך מוטערל ר אַ ס י י . . .

גליען שקיעס, ציגדן זיך, פלאַקערן באַגינענס, —
ס'האָט אַ פלאַם אַרומגעכאַפּט די קרעציקע מעדינע.

איבער שטעט און דערפער הייגגט אַ שאַרפע האַק:
טיפוס, לייז און בירגער־קריג, הונגער און סיפניאַק.

פון סיביר ביז פּעטראָגראַד, פון יאַלטע ביז קאַלוגע
איבער העלסן פּראַסטיקע בלאָנקען דולע צוגן.

פון קאַווקאַז קיין לאַדאָגע, פון מאָסקווע קיין אָדעס
פאָרן ספעקולאַנטן אַ וואָך מיט אַ מעסלעס.

פון די ווייטסטע ווינקלען, פון די וויסטסטע העקן —
אידענעס מיט טאָרבעס, פויערים מיט זעקלעך.

געזעגנט זיך מיט אַלעמען, זיך צוגעגרייט צו אַלץ, —
ספעקולאַנט און טאָרבעניק פירן ברויט און זאַלץ.

ווייען ווינטן פּראַסטיקע, שניי און קרירע דעכן —
פירן ספעקולאַנטן אַף בופערס און אַף דעכער.

און בא יעדער סטאַנציע און בא יעדן פּאָסט
פאַלט אַ טויטער טאָרבעניק, אַ קאָרבן פונם פראָסט.

איבער שטרעקעס סטעפּישע אָן ענדע און אָן אופהער
פירן צוגן פויערים, פאַרפרוירענע אַף בופערס.

פון קאַווקאַז קיין לאַדאָגע, פון מאָסקווע קיין אָדעס
טויטע צוגן יאָגן זיך אַ וואָך מיט אַ מעסלעס . . .

# ב. אין וואָרט-שורעס

און אין שטעט פאַרפעסטעטע מיט אופשטאַנד און מערידע
ווערן מענטשן שלאַבעריק, ווערן מענטשן מידער.

זענען לייבער אָפּגעצערט פון קלייענדיקן ברויט,
שטיקן העלדזער מאַגערע דער הונגער און דער טויט.

לעבן קראָמען לײדיקע שטייען לאַנגע שורעס,
וואַרטן זיי אַף צוקער, צעפּרעסענעם פון שטשורעס.

קריגן זיך און רייסן זיך, ווי הונגעריקע הינט,
קלאָגן זיך און שלאָגן זיך און שילטן אַפן ווינט.

וואַרטן זיי ביז שפּעטער נאַכט פון פּראָסטיקע פּאַרטאָגן —
אָנפּילן מיט עפּעס־וואָס דעם איינגעדאַרטן מאָגן.

מ'האָט אויסגעהאַנגען צעטעלאַך אַף יעדן צווייטן ראָג:
— ס'וועט זיין, ס'וועט זיין פאַר יעדערן אַ פעטינקער פּאַיאָק!

האָפט מען אַף ציקאָריע, אַף צוקער און מאַסלינעס, —
פרייכט הער בויך געשוואָלענער פון הונגעריקער סלינע.

קריגט מען פוילע מייערן און טרוקענעם מאַקוך —
זאַמלט זיך אין העלדזער גאַליק-בייזער פלוך.

שטייען מוטערס אויסגעצערט, אין קלאָגעדיקן הילער,
בעטן פאַר די זויגקינדער אַביסל פרישע מילער.

שטייען פרויען אַלטיטשקע, קלאָגן אַף דער וועלט
מיט פּיאַטעס אָפּגעפרוירענע פון וואַרטן אַף דער קעלט.

שילטן זיך די אַלטיטשקע, קלאָגן אַפן גורל,
קוקן אין די זייטן מיט פאַרזיכט און מיט מוירע.

אַף ביידע זייטן וואָרט-שורעס מיט הילכעדיקן טראָט
שפּאַנען רויטאַרמייער, היטן אָפּ די שטאָט.

שפּאַנען רויטאַרמייער, פאַרטראַגענע פון פראָנטן,
פון בראַנדן פון צעווינטיקטע אין זשאַר פון האָריזאָנטן.

געווען איז אַ באַפעל אַזאַ, געווען איז אַ פּריקאַז:
האַלטן שטרייַנגע אָרדענונג ביי וואָרט-שורעס אין גאַס.

שפּאַנען צוויי כאַוויירים, פון ווייסן פראָנט געקומען,
האַלטן שטרייַנגע אָרדענונג קאָלינקאַ מיט ניומאַ'ן.

מיט זונען אין די אויגן, מיט פלאַטער-פלי אין שפּאַן —
קאָלינקאַ דער קאַטאָרזשניק און ניומאַ שאַרלאַטאַן.

קלאָגן זיך די אַלטיטשקע: — „אוי, די באָלשעוויקעס,
גענוג זיי שוין צו הערשעווען מיט ביקסן און מיט פּיקעס!

— פון פרי-באַגין ביז שפּעט-באַנאַכט אין לאַנגע שורעס וואַרט;
פאַרשפּראָכן ברויט אַ פונטעלע, גיט כאַטש אַ סוכאַר!"... —

הערט זיך רויטאַרמייער צו מיט שטענדיק-וואַכן אויער,
קוקט אַף פרויען אַלטיטשקע מיט ליבע און באַדויער.

און אַף בלאַנדע וואָנסעלעך אַ דינער שמייכל קוועלט:
— „וואַרט ביז וואַן באַפרייט וועט זיין די גאַנצע, גאָרע וועלט!

מיר וועלן מוזן אומברייַנגען די אַלטע וועלט אין פייער, —
וועט דעמאָלט זיין פאַר אַלעמען אי ערד, אי ברויט, אי פרייהייט!"—

וואָרטשען פרויען אַלטיטשקע פון הונגער און פון נויט:
— „וואָס טויגן אונדז די פרייהייטן, גיט אונדז בעסער ברויט!" —

לאַכט דער רויטאַרמייער מיט וואָנסעלאַך, ווי יאָזשן:
— „שווייגט שוין, שווייגט שוין, אַלטיטשקע, גענוג אייך צו
וואָראָזשען,

— טאָמער וועט קיין ברויט נישט זיין, אַ טרופּע איז פאַראַן:
בעט ביים ספּאַס באַם הייליקן, וועט ער שיקן מן!" —

שווייגן שוין די אַלטיטשקע, אַ קייעסדיקן שווייגן,
ווי וואָראָנעס כאַכלען זיך אַף ווינטערדיקע צווייגן.

שפּאַנען די כאַוויירים . . . געווען איז אַ פּריקאַז:
האַלטן שטרייַנגע אָרדענונג באַ וואָרט-שורעס אין גאַס.

## ג. אין מאָסקווע

אין דער שניי־פאַרקאָוועטער, אין דער קרוין-שטאָט מאָסקווע
פרירן גאַסן לײדיקע מיט טומבעס און קיאָסקן.

פּייפן ווינטן אײזיקע, עסעריק און דול,
שטיל באַם שייטער וואַרימט זיך אַ נאַכטיקער פּאַטרול.

ס'האָבן לאַנג שוין אָפּגערוישט באַטאַגעדיקע קלאַנגען,
ס'זענען לאַנג שוין וואַרט-שורעס אין אומעט זיך צעגאַנגען,

ס'איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן דער לעצטינקער טראַמוויי,
אַ קלונג געטאָן, אַ שפּרונג געטאָן און ווייטער — און פאַרביי.

בלויז אין רויטן קרעמל העלע ליכטער ברענען,
איבער לאַנד צעבויטעטן וואַכט דער כאַוואר לעני ן,

איבער שטורעמס גרויליקע, צווישן ריף און ריף,
פירט דער רויטער לאָצמאַן די וואַקלדיקע שיף.

איינגעהילט אין ראַגאָזשעס, אין בורקעס און ברעזענטן,
פרירן די פּאַטרולן באַ שייטערלאַך צעברענטע.

ס'האָט זיי ווער אַוועקגעשטעלט אין קרירע און אין קעלט,
היטן זיי דעם ווײ־געבורט פון אַ נייער וועלט...

אין אַ נאַכט אַ פּראָסטיקער, אין אַ נאַכט אַזוינער
דראָהט פון יעדן טורעמשפּיץ דער לאָקערדיקער סוינע.

דאַרף מען אויגן אָנשפּיצן, דאַרף מען האַלטן וואַך
אין אַזאַ פאַרשאָלטענער און עסעריקער נאַכט.

איבער קרוינשטאָט מאָסקווע פייפן זאַווערוכעס,
ווי די שיידים וואָיעווען, טאַנצן ווי די רוכעס, —

סמאַליען ווינטן פּראָסטיקע, סאַרפּנדיק און דול,
שטאַרן, פרירן הענט און פיס באַם נאַכטיקן פּאַטרול.

שפּאַנען צוויי כאַווירים, העפקערדיקע יאַטן,
שיך צעלעכצטע, אָפּענע, פאַרבונדן מיט שפּאַגאַטן,

שפּאַנען איבער מאָסקווע־שטאָט אַ וואָך מיט אַ מעסלעם —
קאַליאַ פון קאַלוגע און ניומאַ פון אַדעס.

בייטן מיט פּאַראַלן זיך די נאַכטיקע פּאַטרולן:
— „גוטנאַוונט, רויטע ברידערלאַך פון פּענזע און פון טולע,

— פון אַלע שטילע ווינקלען אַף קיילעכדיקער ערד
געקומען זענט איר גרייטע, פאַרקליבן זיך אַהער,

— היט איר דאָ, כאַוויירים, פּאַר שפּעטערדיקע צייטן
דעם פּלאַם דעם טויזנטיעריקן באַם פלאַקערדיקן שייטער.

— לאָזט־זשע זיך דערוואַרימען באַם הייסינקן קאַמין,
לאָזט־זשע אונדז פּאַררויכן אַ ציגייערל טוטין!" —

לאַכן רויטאַרמייער מיט שטשירנדיקע ציינער:
— „אָט לייצאָנים, ברידערלאַך, אַזוינע . . . און אַזוינע . . .

— געקומען פון דער שעד־ווייס־וואו צו אונדזער הייסן זשאַר
אין אַ קאַלטער נאַכט אַזאַ פּאַררויכן אַ ציגאַר!" —

לאַכן רויטאַרמייער, רויכערן און שמועסן,
טיילן זיך דערמונטערטע מיט פייער און מיט גרוסן.

ערשט געשטאַרט פאַרצווייפלטע פון קרירעדיקן גלוט —
און ווידער ברויזט און קייקלט זיך אין אַדערלאַך דאָס בלוט.

שפּאַנען צוויי כאַוויירים אַף ווייטערע שעליכעס
אַנטקעגן ווינטן פראָסטיקע און צאַפּנדיקע וויכערס.

שפּאַנען ווייטער יאַטן . . . זייערס אָפּגעטאָן —
פלאַטערט איבער הייסע קעפּ קרעמעל'ס רויטע פאָן . . .

## ד. אין דער אייביקייט

דאָס ביקסל אַף די אַקסלען,
דאָס היטל אַף אַ זייט,
שניידט די פוילע אַקסן
פון דער אייביקייט!

מיט גריוועס ווילד באַוואָקסן
אַף קרומע וועגן רייט,
צוימט די ווילדע אָקסן
פון דער אייביקייט!

מיר זענען די געוויקסן
פון דער נייער צייט.
כאַוויירים, שפּאַרט די ביקסן
אין דער אייביקייט!

# 1. הײדאַמאַקעס

## אַ שטעטל

פֿונפֿאַרנט אַ שליאַך און פֿונהינטן אַ שליאַך
און אַ שטעטל אַ אידיש אינמיטן.
פֿאַר אַ טאָג מיט אַ נאַכט, װעסט נישט גרײכן קײן קראַך
ניט מיט פֿור, ניט מיט שליטן.

לױפֿן װעגן אַף בערג, פֿירן שטױביק און גרױ
צו אַ דײטשער קאָלאָניע.
ליגט דאָס שטעטל אין טאָל, װי אַ ריזיקע פּלױ —
אַף אַ ברודיקער דלאָניע.

גלאָצן פֿעלדער אַרום, — אָפּגעקאָסעט און בלױז —
װי נאַקעטע פּליכעס.
ליגט אַף העפּקער דאָס שטעטל מיט שטײנערנער קלױז
און מיט שטרױענע סטריכעס.

לױפֿן אידן אין שרעק, שמאַיען הער און אַהין
װי צעפּלאָשעטע רינדער.
פֿון באַגין ביז באַגין גרײט זיך שטעטל פּילשטין
אַף רױב און אַף פּלינדער.

סײ באַטאָג סײ באַנאַכט האַלט סאַקאָנע איר װאַך
מיט פּאַכעד און גרױלן.
און עס פּלאַטערט אַ האַרץ אונטער יעטװידן דאַך
פֿאַר העק און פֿאַר קױלן.

אָטעמט שטעטל מיט שרעק, דעכעט שטעטל מיט האַרבסט,
מיט פּעך און מיט רױכן.
אין אַ בלײערנער צװאַנג גױסעסט שטעטל און שטאַרבט
אונטער שטראָף פֿון דער טױכעכע.

פֿיבערט שטעטל אין היץ, ליגט דאָס שטעטל אין טעל,
צעפּױלט ביז דער שפּענטע.
ס'מוז דאָס קרעציקע שטעטל פֿון קרעציקער װעלט
פֿאַרשװינדן אַף שטענדיק.

## ב. אַטאַמאַנען

ווי שערענגעס רויב-פייגל אונטער סומנע כמאַרעס,
קלייבן אַטאַמאַנען זיך פון מיזרעך און פון מיירעוו.

פירן באַנדעס ראַצכישע, צעיוכעטע און פאַרשייט,
העפקערע, פאַרשיקערטע, צעווילדעוועטע לייט . . .

פאָכעט איבער דערפער געל-און-בלוי פון פאָנען, —
אַף די וועגן גאַנוועט זיך אַטאַמאַן ז ע ל י אָ נ י.

קלאָגן מאַמעס אידישע אַף טעכטערישע קעפ —
אַ נ ג ע ל און ט י ו ט י ו נ י ק לויערן אין סטעפ.

אין די ערשטע רייען אַף אומקום און אַף שכיטעס
גייט ס י מ אָ ן פ ע ט ל י ו ר ע, גייט דער נייער טיטוס.

פירט ער באַנדעס ראַצכישע אַף שטעטעלע און שטאָט, —
וועלקן לעבנס אידישע אונטער זייער טראָט.

ס'איז דאָס לעבן ביטער זיי, ס'איז דאָס לעבן פריקרע, —
זוכן זיי דערטרינקען עס אין היפע און אין שיקרעס . . .

זידט אין זיי די יוכע מיט רישעס און מיט וואוט, —
זוכן זיי דערטרינקען עס אין פליעסקנדיקן בלוט.

דרייען זיך און פלאָנטן זיך אין פייערדיקער שפּולקע,
פראַוועס זיי אַ בלוטיקע, אַ שימכעדיקע הולקע.

זינגען זיי און מאַרדעווען, — צעיוכעטע און פאַרשייט, —
אַטאַמאַן פ ע ט ל י ו ר ע ' ס העפקערדיקע לייט:

— „אין דער ערשטער רייע גייט פעטליורע,
פירט די זאַפּאַראָזשיער
איבער סטעפּ און אָזיערע,
פול מיט גוואורע! . . .
און פון הינטער בערגער,
איבער ברייטע טאָלן
די קאָזאַקן גיי'ן . . .
עי, איבער בערגער, עי,
איבער טאָ.. אָ... אָ... ל... ן...
די קאָזאַקן גיי'ן!" . . . —

# ג. אידן

טרייבט דער אומעט מיט האַרבסטיקע בעזימער
פון די שטעטלישע הימלען די פרייד.
און די ווינטן, ווי פוילע קלעזמער,
רימפּלען אונטער מיט פויק און מיט פלייט.

קרימט לעוואָנע די ברעמען די סיווע
אַף איר רונדן און נאַקעטן קאָפּ,
זידן שטערן, ווי הייסע גריוון,
אין הימל׳ס צעגליטן טאָפּ.

שטייען מאַכיקע הייזלעך, ווי פּעניעס,
רונד־אַרום דעם פאַרוואַרלאָזטן מאַרק:
ס׳איז דאָס לעבן בא יעדן אין זשמעניע,
ס׳איז בא יעדן דער טויט אַפן קאַרק.

פּיבערט שטעטל מיט טראַלים צעגליטן
אין פאַרשטשעמעטע, איילקע ציין.
שטייען רעדלאַך אַפן מאַרק אינמיטן —
ס׳איז זיי פאַרכטיק אַהיים צו גיין.

שטייען אידן און טומלען און שמועסן:
„וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?
זאָלן קומען די פוילן, די פּרוסן, —
אַבי נאָר נישט פּאַניע־שווייַן!"

— „ס׳האָט די ערד אונטער אונדז דען אַ סוואָרע,
ס׳האָט דען הימל איבער אונדז אַ חנאַ, —
אַז עס שאַרט זיך דעניקין פונפאַרנט
און פונונטן שפּאַרט מאַכנאָ? . . .

— „ס׳האָט דאָס נעפעש דאַ אונדזערס אַ ווערט דען,
ס׳האָט דאָס לעבן דען אונדזערס אַ האַפט, —
אַז פּעטליורע האָט בלאַנקע שווערטן
פאַר די העלדזער שוין אָנגעשאַרפט?" —

שטייען אידן און זשומען, ווי פליגן:
— „וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?“ —
כאַפּט אַרוים זיך אַ איד מיט אַ ציגנס,
מיט אַ בערדל, ווי שיטערער ליין:

— „און איך זאָג אייך — די שטראָף איז מידעאוויר־ייסאָ,
ווי עס שטייט אין מאַמאַריי כאַזאַל:
„עס וועט קומען אַ מאַכנע אַ ווייסע
„מיט אַ פּאַרכטיקן גענעראַל.

„און פּונקט ווי פּאַרצייטן אַמאָלעק,
„וואָס מען וויים נישט פון זיין געביין, —
„וועט נישט בלייבן קיין שאַריד אופּאָליט,
וועט נישט בלייבן אַ שטיין אַף אַ שטיין!“...

שלאָגט איבער אַ איד אַ קייסן
מיט אַ קאָל, ווי אַ סקריפּ פון אַן אַקס:
— „אַז מען קען נישט דערציילן קיין מאַיסע,
דאַרף מען שווייגן, פלוידערזאַק!

— „וואָס פּויקסטו, וואָס פּלאַפּלסטו, שויטע,
וואָס שרעקסטו די שטעטלישע געגנדז?
ס'האָט כאַזאַל גאָר געמיינט די „רויטע“,
די מיט פאָנען און לאַנגע פּרעגנדז...

— „ווי עס שטייט אין די ספאָרים געשריבן:
„ס'וועט אופשטיין גאָג אומאָגאָג,
„וועט באַזיגן די סראָרעם די זיבן
„און וועט שאַפן אַ נייעם כאָק...

„און זיינס וועט זיין אַלץ: די רונדוקן,
„די קלייטן, די סקלאַדן, די מערק.
„און אַלץ וועט צו אים זיך בוקן:
„דער קריסט און דער איד און דער טערק...

„און דערפער און שטעט וועט האַלטן
„זיין אופגעשטורעמטע האַנט.
„און קרעציקע טומע וועט שאַלטן
„פון אָנהייב ביזן לעצטן ראַנד.

„ס'וועט נישט זיין קיין איין מעדינע
„איבער גאָרער און גאַנצער ערד,
„וואו קיין פאָלק וועט צו אים נישט דינען
„אונטער יאָך פון זיין בלאַנקן שווערט.

„אָבער לאַנג וועט אַזוי נישט דויערן,
„ווייל די טומע קען נישט לעבן לאַנג!
„ס'האָט קאַוואַיאָכל בא בעריישים געשוואוירן,
„אַז געצוימטע זאָל ווערן די שלאַנג . . .

„וועלן אופשטיין מאַכנעס ווי פליגן
„און פאַרטיליקן דעם גרויסן סאַר, —
„וועט די קדושע ווידער זיגן
„און קאַוואַיאָכל וועט בלייבן האַר . . .

„איז דאָך קלאָר, אַז אַזוי ווי געוועזן איז,
„וועט שוין בלייבן אָף ברודיקער ערד —
„און די אַלע יעשועסן ל ע נ י נ ס
„האָבן גאָרנישט קיין האפּט און קיין ווערט!" . . .

שטייען אידן און טומלען און שמועסן
— „וואָס וועט זיין:? וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? . . .
„זאָלן קומען די פּוילן, די פּרוסן,
„אַבי נאָר נישט פאָניע-שוויין! . . .

## ד. הײדאַמאַקעס

איבער שטרעקעס זומפּיקע קוואַקען בלינדע זשאַבעס, —
פראַוועון זין אוקראַינישע בלוטיקן שוואַרץ-שאַבעס.

אין דער טיף שוואַרצערדישער, איבער לייַנג און בּרייט,
האָט אַ האַנט אַ העפקערע רויטן מאָן פאַרזייט.

אין די וועלדער לויערן בייזע וואָווקאָלאַקעס, —
איבער שטעטלאַך אידישע הוליען היידאַמאַקעס.

פון טראָסטינעץ ביז קאָדימאַ, פון בערשאַד ביז הייסין
הוליען, האַיען, יאָגן זיך מערדערישע זין.

שטיוועלאַך מיט כאַליעוועס, גלאַנצנדיקע דאַשיקעס
טאַפּטשען זיך אַף שטעטלישע דערשראָקענע פּידאַשיקעס.

צאַנקען לעבנם אידישע צווישן דולע ווענט,
אויסגעלאָשן, אָפּגעהאַקט פון מערדערישע הענט.

פון וויניצע ביז פּראָסקוראָוו, פון באַלטע ביזקל אומאַן
וויפיל הערצער ציטערן אין פּאַכעד און מעהומע?

ווער וועט קומען ראַטעווען פון אומקום און פון בראַנד,
ווער וועט קענען אָפּשטעלן די העפקערדיקע האַנט?

ליגט מען אַף די בוידימער, ליגט מען אין די ליאַכן,
לעבעדיק-באַגראָבענע, טעג און נעכט און וואַכן, —

נאָר דעם מערדערס צאָרן, נאָר דעם סוינעס קאַס
גרייכט זיי אַף די בוידימער, אין ליאַך און אַפן גאַס.

שטייען שטעטלאַך אָפּגעווישט, פאַרסאַרפּעט ביז דער שפּענטע,
וואַלגערן זיך מייסים אַף כורוועס אַף צעברעכטע, —

נישטאָ ווער ס'זאָל באַערדיקן צווישן פּוסטע ווענט
קאָרבאָנעס אומגעקומענע פון מערדערישע הענט.

וואָיען הינט פאַרוואָרלאָזטע, הונגעריקע, דולע
אַף שטעטלישע טאַרהאָוויצעס, באַ אָפּגעברענטע שולן.

טראָגן קעפּ צעבלוטיקטע פון בוידעם און פון ליאַך
אַף דער גרויסער סודינקע פון שטעטלישן בראַך . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## ה. דער יונג אין פּעלצל

פּייקלען שטורעמס אין טיר און אין טויערן,
און די שרעק הינטער לאָדנס וואַכט, —
איז אַ טאָג, ווי אַ טייג אופגעיוירן
אין דער פינצטערער מולטער פון נאַכט.

איז געקומען אַ יונג אין אַ פּעלצל,
מיט אַ פּנים צעווינטיקט און רויט:
—„ וואָס רייסט איר אומזיסט די העלדזער
מיט טוכלע, פאַרזשאַווערטע רייד?

— „וואָס טויג אייך די אַלע קלאָגן
מיט די מאַיסעס פון מאַמער כאַזאַל? . . .
כאַפּט אַן אַקס פונם ערשטן וואָגן
קעגן „פאַרכטיקן גענעראַל“ . . .

— „וואָס בילט איר, ווי הינטישע פּגירעס,
וואָס מעקעט איר, הילפלאָזע שאָף?
— צוערשט מאַכט אַ סאָף צו די גווירים
און דערנאָך מאַכט אַן ענד צום ראָוו . . .

— „גענוג האָט דער קאַבצן אַף באַנטעם
די אייליקע ציין געשטעלט . . .
דער מאַן אין די אָרעמע טראַנטעס
וועט איצט ווערן דער האַר פון דער וועלט.

— „וואָס זשע קריכט איר דאָ, שטומע און בלייכע,
גלייכט אוים אייער רוקן אין שפּאַן.
ס׳איז פאַראַנען פאַר יעדן אַ שמייכל,
ס׳איז פאַר אַלעמען פרייד פאַראַן.

— „ס׳ברענט די וועלט איצט אין רויך און אין פלאַמען,
פלאַקערט העל, ווי אַ רויטער צוויק, —
ס׳איז ד ע ר קעגן אייגענער מאַמען,
ווער ס׳איז אַן עמעסער באָלשעוויק.

— „ס׳איז די ערד איצט אָרוים פון האָלאָבליעס,
ווי אַ פערדל אַ יונגס אין סטעפּ —
וועט בישט פעלן שוין קיין בעזהאָלאָווליעס
אַף די רייכע, געקרוינטע קעפּ.

— „ס׳זידט די וועלט איצט אַן אופגעקאָכטע
קעגן פאַרעץ און גענעראַל.
אַרונטער מיט די הייליקע שמאָכטעס,
צום טייוול אין קאַפּהאַקאַל!“ . . .

שטייען אידן און ציען די העלדזער,
מיט פּאַכעד אין שטאַרן בליק:
— „וואָס וויל דאָ דער יונג אין פּעלצל
מיטן פּאָנים, ווי אַ רויטער צוויק? . . .

— „ווער איז ער? . . . און וואָס האָט איר מוירע?
אָנו ווייזט אים, דעם קויפּער באָקויל?
וואָס דערלאָזט איר דעם בען־סוירער־אומוירע
גאָר ברייינגען אזוינס אָפן מויל?" . . . —

שטייען אידן און קייען די בערדלאַך:
— „האיטאָכן? . . . וואָס הייסט? . . . און געוואַלד! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָף אַ גרויען קאָזאַצקע פּערדל
פליט שוין ניומאַ צום נאָנטן וואָקזאַל . . .

## ו. קאַליקעס-קאָבזאַרן

אָפן קרייץ פון שייד־וועגן באַם בראָווער, באַ דעם ברוינעם,
שטייט אַ הייליק שטיבל פון יאָרן פון קאַדמוינים.

ברענט דאָרט אַ לאַמפּאַדקע און לעשט זיך גאָר נישט אוים,
פאַר דער מוטער הייליקער מיטן יויזל אָפן שוים.

זיצן דאָרטן קאַליקעס, בלינדינקע קאָבזאַרן,
רימפּלען אָף באַנדורעס, לויזן זיך און שטאַרן.

פּאָרט פאַרביי אַ פּויערל, קרעשטשעט זיך געשווינד —
ס'זאָל דער יויזל אָפּהיטן ס'גאַנצע הויזגעזינט.

וואַרפט ער צו די קאַליקעס אַ בייגל צי אַ קאָפּקע, —
רייסן זיך און בייסן זיך די הונגעריקע כאַפּטעס.

זאַמלען זיי די קאָפּיקעס אין ברודיקן קאַמזאָל,
טראָגן זיי אין דאָרפישן, אין קייסערם מאָנאָפּאָל.
וואַלגערן זיך קאַליקעס באַ קאַזיאָנע קראָמען,
זשליאָקען פון די שקאַליקעס, שילטן זיך און כראָמען.

זינגען זיי פון ליכטיקע פון אָפּגערוישטע יאָר,
רימפּלען קאָבזעס לעדערנע ביז מילכיקן קאַיאָר.

און ווען הימלען ראָזלעכע צו מאָרגנשיין זיך נויגן,
ציען זיך די קאַליקעס מיט אויסגעשטאַרטע אויגן —

צ׳ריק צו מוטער הייליקער, באַם בראָווער, אַפן וועג:
אַף דער זון זיך וואַרימען און ציילן בלינדע טעג . . .

## ז. דער „נעס“

אַף די ברייטע וויהאָנעס אין דערפלאַך הינטער באַלטע
קלינגען גלעקער קלויסטערשע, קלינגען נאַ־געוואַלטן.

קלינגען גלעקער קלויסטערשע דעם צווייטן שוין מעסלעס,
ס׳איז געשען אַ וואונדער, ס׳איז געשען אַ נעס:

ס׳האָבן רויטע נאָכגעשפּירט טעג און וואָכן לאַנגע
נאָך פּעטליורא׳ס רעכטער האַנט — נאָכן באַטקאָ אַנגעל.

ביז זיי האָבן אים דערטאַפּט, דעם ווילדן אַטאַמאַן,
אַף די שליאַכן שטויביקע באַם דערפל לאָבושאַן.

הילכן די קאַנאָנען, הייסע און צעברויזטע,
פאַלן כאַטקעס לייִמיקע, שייערן און קלויסטערס.

פליען פונקען בליציקע, הודיעט דער שראַפּנעל,
צינדן דערפער שטרויענע אַף אומקום און אַף טעל.

האָט אַ פונק אַ פלאַמיקער, האָט אַ פונק געטראָפן
דאָס שטיבעלע דאָס הייליקע אַף שייד־וועג באַ דעם בראָווער.

איז דאָס שטיבל איינגעפאַלן, כאָרעוו און פאַרברענט —
געבליבן איז די מוטער בלויז מיט יוזל אַף די הענט.

אַז ס׳האָבן שלאַכטן אָפּגערוישט מיט אומקום און סאַקאָנע,
האָבן בידנע קאַליקעס געפונען די איקאָנע.

האָבן זיי ווי שקאַפּעס זיך אין וואָגן איינגעשפּאַנט,
האָבן זיי זי אָפּגעפירט אין דערפל לאָבושאַן.

# ח. באָם סכאָד

אָף די ברייטע וויהאָנעס אין דערפל לעבן באַלטע
קלינגען גלעקער קלויסטערשע, קלינגען נאַ־געוואַלטן.

ס׳רופט דער פּאָפּ דער דאָרפישער אַ פויערישן סכאָד:
— „ס׳האָט אַ נעם באַוויזן יעזוס אונדזער גאָט!“ —

ציען מאַכנעס שיקערע, קומען בייזע טשאַטעס,
פאָכן, דראָען פויערים מיט צלאָמים און מיט שמאַטעס.

אָף די ברייטע וויהאָנעס שטייט מען קאָפּ אָף קאָפּ; —
צו כאָכאָלן פאָשעטע רעדט דער קלוגער פּאָפּ:

פרעפלט, ניוזעט גאַלעכל, האַלט אים נאָך דער דיאַקאָן:
— „פויערים־הראָמאַדיאַנע, ברידערלאַך־קאָזאַקן!

— שווער איז איצט דעם פויערל, — נישט ער האָט קיין לאַנד,
נישט מען לאָזט צעפירן אים זיין גוואורעדיקע האַנט.

— און אַלעם צוליב וואָס מיינט איר, און אַלעם צוליב וועמען?
— אַדאַנק אָט־דעם פאַרשאָלטענעם, אַדאַנק דעם מאָסקווער
קרעמל.

— דאָרטן זיצן אידן צוויי און הערשן איבער אַלץ —
ל ע נ י ן ־ ט ר אָ צ ק י — אָנפירער פון אידישן קאַהאַל...

— איז וואָס אי־דאָ צו קלערן פיל, איז וואָס אי־דאָ צו ברייען:
אידן עסן קוילעטשן און אונדז קומט אָן די קלייען...

— ס׳נעמען אידן קלויסטערס צו אַלם שטאַלן פאַר די פערד,
ס׳טרייבן אידן פויערים אַרונטער פון דער ערד...

— נעמט־זשע זיך, הראָמאַדיאַנע, כאַפּט אַ כוואָראָסטינע,
טרייבט די רויטע אידעלאַך צוריק קיין פאַלעסטינע.

— זאָלן זיי דאָרט שטעכן זיך און ברעכן זיך די קערק
מיטן בייזן באַסורמאַן, מיטן שוואַרצן טערק“... —

פרעפלט, ניוזעט גאַלעכל, האַלט אים נאָך דער דיאַקאָן:
— „פויערים־הראָמאַדיאַנע, ברידערלאַך־קאָזאַקן!

— ס'ברענען אידן שייערן מיט קאָרן און מיט ברויט,
ס'זוכן אידן אונדזער סאָף, זוכן אונדזער טויט . . .

— אָט האָבן זיי פאַרברענט אָף קויל, ווי טרוקענע פּאַלאָווע
דאָס שטיבעלע דאָס הייליקע אָף שייד־וועג בא דעם בראָווער.

— גרויס איז אונדזער צאָרן, גרויס איז אונדזער קאַס, —
האָט אַ נעם באַוויזן אונדזער גאָט דער ס פּ אַ ס:

— ווי אַווראָם פון קאַלכאַוויון, אַרויס איז פון סאַקאַנע
די מאַמע מיטן זונעלע אָף הייליקער איקאָנע.

— לאָמיר־זשע באַשליסן דאָ מיטן גאַנצן סכאָד:
טויט צו אָט־די קרייציקער פון יעזוס, אונדזער גאָט!" —

רימפּלען צו די קאַליקעס, די בלינדע באַנדוריסטן:
— „טינדרע־דרינדע... טויט דעם זשיד!... טויט די קאָמוניסטן...

— ווער ס'וועט ערשטער אופהייבן די שטראָפנדיקע האַנט,
דער וועט רייך באַלוינט ווערן פון באַטקאָ אַטאַמאַן!"

## ט. צ ע ש אָ ס ן  ד י  א י ק אָ נ ע

ס'האָט אין ברויזיקן ראַש און געטומל
נישט קיינער באַמערקט פון וואַן
ס'איז ק אַ ל י אַ  ב ע ס ס אַ נ אָ ו ו  געקומען
מיט באַוואָפנטע טויזנט מאַן.

און אַ שפּאָר דעם געפלעקטן אָגער
און מיט ווינטמילן־הענט אַ וויי —
האָט אַ ציטער געטאָן שוואַרץ־כאָגע
פון דער ערשטער ביז לעצטער ריי.

און איידער ס'האָט פּאָפּ נאָך באַוויזן
צו באַנומען דעם גרויסן בראָך, —
האָט זיך קאַליאַ אַריינגעריסן
אין סאַמע אין זודיקן קאָך.

און דערשפּירט ווי אַ וואָלף די סאַקאָנע,
וואָס האָט איבער קעפּ געברענט —
און אַ כאַפּ און אַ הייב די איקאָנע
פון גאַלעכס צעשראָקענע הענט.

פליען ווערטער, ווי בלייערנע קראַיקעס:
— „העי, פּויער, געציילעמטער קאָפּ,
ביז וואַן וועסטו הערן די באַיקעס
פון פּעטן, געשטאָפּטן פּאָפּ?

— „אָט־באַלד וועסטו זען דעם וואונדער,
וואָס ס'האָט זיך דעם גאַלעך פאַרוואָלט! . . .
— „העי, יאַטן, אַנו — אָף צוגונדער
די מוטער מיטן הייליקן יאָלד!“ . . . —

טראַך־טאַ־טאַך . . . הודיען בלייאיקע קנויטן,
פליען שטיקער אָף דאַך און אָף פּלויט —
אין פאַרסמאַליעטע לייוונט־צויטן
ליגט אַ פיגער די הייליקע מויד . . .

שטייט קאָליאַ מיטן העמד צעכראַסטעט,
ס'שפּילט אין פּאָנים ס'צעברויזטע בלוט:
— „נו, גענוג דאָ געפּלאַפּלט — און באַסטאַ,
נו, האָדיע זאָל זיין און קאַפּוט! . . .

— „גענוג דאָ די צונג צו קערעווען,
ווי אַ מילשטיין אין ליידיקן מויל, —
ס'איז די מאַמע, די הייליקע סטערווע,
נישט ווערט געווען אפילע קיין קויל! . . .

— „מיט ריסקלען, מיט העק און מיט לאָפּעטעס
דאַרף מען רייניקן ס'הימלישע מיסט,
אַז די גאַנצע, די הייליקע כאַפּטע
זאָל אויסטאַראַקען די פיס!“ . . . —

שטייען פּויערים שטום ווי די לעמער
און גלאָצן מיט אויגן בלינד —
און אין מויכעס, ווי איבער ליידיקע עמער,
נעמט שאַריען אָף העלן באַגין . . .

און עס קלינגט, ווי צעשטורעמטע פידלען,
קאָליאַ'ס רוף צו דער פויערישער וועלט:
— „צו אייך, איר פאַרמאַרעטע ברידער,
באַאַוולטע קינדער פון פעלד! . . .

— „צו וואָס זאָלט איר פאַטערן ס'לעבן
אין מאַרטער, אין שוויים און אין נויט, —
אַז די ערד איז אַלעם געגעבן
פאַר ל י כ ט און פאַר קאָרענעם ב ר ו י ט? . . .

— „איר מוזט איי'רע קויכעס שווינען
און קיינמאָל נישט ווערן מיד.
ס'איז ד ע ר אונדזער בלוטיקער סוינע,
וואָס לעבט נישט פון אייגענער מי.

— „פון הענט פון שערשאַוווע און רויע
מיר שמידן אַ כאַוועדשן בריק:
דעם בונד צווישן אַרבעטער-פויער,
דעם בונד צווישן ערד און פאַבריק.

— „עס ברענט אין די הענט די וואָפן
און עס שלינגט אונדזער אויג די ווייט, —
שטייט אויף, איר, פאַרמאַרעטע שקלאַפן,
צום לעצטן, אַנטשיידענעם שטרייט! " . . . —

# 2. רויטאַרמייער

## א. פּאַנצערצוגן

יעסען־וויכערס וואַיעוועז, פּוילע' ווינטן ווייען, —
אין טעפּלושקעס אַקסענע פאָרן רויטאַרמייער.

רויטינקע אַרמייער פון פּענזע און ריאַזאַן —
ציטערן און פּלאַטערן די רעלסן אונטער באַן.

פליט פּאָראויס דער פּאַנצער־צוג, פליען צוגן הינטן, —
ווער וועט גיכער אָנקומען: די צוגן צי די ווינטן?

פליען שנעל די צוג־ווינטן — געוועזן איז אַ פריקאַז:
— „צו אַלעמען... צו אַלעמען... פּאַרטיידיקן דאָנבאַס!“

ס'האָט אַ פּלאַם אַרומגעכאַפּט די קרעציקע מעדינע, —
רייסט זיך פון דער הימלטראַכט אַ נייאינקער באַגינען.

מוז מען שטענדיק וואַכן דאָ, שטענדיק שטייען גרייט...
דאַרף מען אים באַגעגענען מיט ליבע און מיט פרייד.

אין טעפּלושקעס רודערן קאָכיקע מאַטראָסן,
ס'לייב־און־לעבן אויסגעשטעלט אַף העפקער און אַף שאָסן.

יאַטן רויטאַרמייאישע, שטענדיק גרייט אַף אַלץ,
טאַטואירטע ברידערלאַך אַף אָרעמס און באַם האַלדז.

צווישן יאַטן העפקערע, יעדער מיט זיין קלומאַק,
הייסע צוויי כאַוויירים: ק אָ ל י נ ק אַ מיט נ י ו מ אַ ' ן.

בריט די יונגע הערצער די פייערדיקע זאָט —
הייסע צוויי כאַוויירים אַף העפקער און באַראַט.

קילע מאָרגנס גליווערן, הייסע שקיעס צאַנקען —
אין טעפּלושקעס אַקסענע דרינדזשען די טאַליאַנקעס.

צווישן העמדער קויטיקע, צווישן לייז און שוויים
זינגען שטימען ברוסטיקע, קוילערן זיך היים:

— „עך, דו עפּעלע,
ווײַסע יונקערן, —
ווּעסט פאַרפּליען אַף דאַנבאַס,
ווּעסט זיך שוין נישט אומקערן . . .

אַך, דו, טאַניאַ, הײסע מויד,
רויטע קאַלינעס,
הינטער אויסגעקרומטן פּלויט
נעכט פאַרפאַלענע . . .

אויגן — גרין און לאָקן — שוואַרץ,
העלע קרוזשעװעס —
איבער מײַן סאָלדאַטיש האַרץ
ווילד דו בושעוועסט ! . . .

ביזט אַוועק, דו, טרײַפע פּעל,
אויסגעלאַסענע,

פּראַווען מיט דער גאַנצער וועלט
אַ ווילדע כאַסענע . . .

איצט בין איך אַ באָלשעוויק,
דו — אַ ווײַסגוואַרדיסטין, —
פירן מיר אַ שווערן קריג
מיט יונקערס און צאַריסטן . . .

עך, דו, עפּעלע,
וואוהין זשע קײַקלסט זיך ?
אוי, מײַן אָרים קעפּעלע,
שטורעם פּײַקלט דיך . . .
ע - עך ! “ —

שטײען צוגן אַפן פעלד צווישן הויכע ווײַצן,
וואַרטן צוגן צען מעסלעס אַף וואַסער און באַהײַצונג.

פּליט דער פאַנצערצוג פאָראויס, צוגן שטײען אָפּ, —
היט זיך, רויטאַרמײער, דײַן העפקערדיקן קאָפּ ! . . .

## ב. אָנפאַל

קריכן באַנדעס אינדערשטיל נענטער צו די צוגן, —
האַלט דאָס אויג און אויער וואַך, ברידערלאַך קאַלוגער !

פלוצים — טרראַך! — אַ שאָס און צוויי — און ווידער — שאַ און שטיל —
ס'האָבן באַנדעס אַנגעיאָגט פונפאַרנט און פון טיל.

אין טעפּלושקעס אָקסענע פרייד און לידער צאַנקען,
קרעלט און והאַרגט און וואַקלט זיך פריילאַכע טאַליאַנקע.

פליען קוילן בייסיקע דורך פענצטער און דורך טיר . . .
פעדערט זיך און קייקלט זיך די שטים פון קאָמאַנדיר:

— „צו די ביקסן, ברידער, נישט זשאַלעווען קיין קוילן,
פאַראַן געגוג אין טאַשן גרייט בלייאַיק-הייסע קנוילן!" —

הודיעט, גליט און וואַקלט זיך, האַווקעט פולעמיאָט,
וואַרפט און שליידערט איבער קעפּ פולווערדיקן שאָט.

פייפט דער צוג און וואַקלט זיך און רופט צו וויטע צוגן,
ווי די לייבן שלאָגן זיך טולער און קאַלוגער.

נאָר דער סוינע נענטערט זיך — און אופגעפּראַלט די טיר.
דער ערשטער איז געפאַלן דער כאַוועך קאָמאַנדיר.

פון טעפּלושקעס אָפענע שלעפּט מען די מאַטראָסן:
אַף פּיקעס הייראַמאַקישע, אַף טליעס און אַף שאָסן.

שפּרייט מען הענט מאַטראָסישע אַף רעלסנדיקן בעט,
האַקט מען הענט מאַטראָסישע מיט שאַרף פון באַיאָנעט.

קוקן אויגן פיבערדיק, כידעשן און שטוינען:
— „ווער וועט קומען ראַטעווען פון מערדערלאַכן סוינע?" . . .

הייזגען קאָמיוגיסטן אַף הודיענדיקן דראָט,
וויגן זיך און הוידען זיך אַף העפקער און באַראָט.

לאַכט פון זיי דער סוינע, כויזעקט ער און כיכעט,
זידט אין אים די יוכע, הוליעט די רעציכע:

— „דאָס איז, רויטע, אייער לוין, דאָס איז אייער סכאַר
פאַרן זשיד, פאַר לעגינען, רוסלאַנדס נייעם צאַר!

— גייט צוריק קיין מאָסקווע, זאָגט די באָלשעוויקעס:
זייער בלוט וועט גיסן זיך, ווי די פרילינג-ריקעס . . .

— זייער בלוט איז העפקער, ווי אין סטעפּ דער ווינט, —
מיר'ן זייער אינגעווייד טרייבערן, ווי הינט!" . . .

## ג. צום פּאַראָוויק

פּייפט הער צוג און וואַקלט זיך, רופט צו ווייטע צוגן,
פאַלן דעמבעס קרעפּטיקע טולער און קאַלוגער.

אין טעפּלושקע פעדערשטער, באַם סאַמע פּאַראָוויק
ליגן צוויי כאַווײַרים מיט ציטערגלי אין בליק.

קוקן זיי און שטוינען זיי, ק אַ ל י נ ק אַ מיט נ י ו מ אַ 'ן:
פון וואַנען וועט דאַ אָנקומען די הילף אין דער מעהומע?

פרעגט באַ ניומאַ'ן קאַלינקאַ, מיט אויגן שטאַר און רויט:
— „ווי קען מען די כאַווײַרים דאַ ראַטעווען פון טויט?" . . .

ניומאַ שווייגט און ענטפערט נישט אין אָנגעשטרייגטן קלערן, —
ס'טאַנצן בלויז די אָדערן, ווי שטריק, אַף בלאַסן שטערן.

פלוצים טוט אַ צאַפּל זיך, אַ ריס זיך ניומאַ היים:
— „כ'האָב אַ פּלאַן דאַ, קאַלינקאַ, הער מיט קאָפּ מיך אוים:

— ס'וועט נישט העלפן ס'געוואַלדעווען, ס'וועט ניט העלפן ס'רופן, —
פאַראַן אַ וועג אַנאַנדערער, פאַראַן אַנאַנדער טרופּע:

— מיר דאַרפן ס'לעבן איינשטעלן, מיר דאַרפן פרוואוון ס'גליק,
מיר דאַרפן פרוואוון אָפּטשעפּן דעם ערשטן פּאַראָוויק . . .

— זאָל עס נאָר געלינגען אונז, וועט, ברודערקע, זיין טייער,
זיך דורכרייסן, זיך דורכבייסן דורך סאַמאַראַדנע פייער.

— וועט שוין דעמאָלט לייכטער זיין אַ פייף טאָן און אַוועק;
צום פּאַנצערצוג, צום פּאַנצערצוג זיך דורכברעכן אַ וועג!" —

דריקט די האַנט אים קאַלינקאַ — ער גייט מיט אים צוזאַמען —
אַבי די ברידער ראַטעווען — איז ער גרייט אין פלאַמען . . .

און מיט הערצער קלאַפּיקע, מיט ציטער־גלי אין בליק
קריכן צוויי כאַוויירים צום ערשטן פאַראָוויק.

קריכט דער ערשטער קאַלינקאַ, קלאַפּט דאָס האַרץ אָן אויפהער,
ביז ער גרייכט דעם שטאָלענעם, דעם לעצטן שווערן בופער.

די הענט און פיס ווי אָנגעפילט מיט זודיק־הייסן צינק —
אַ דריי געטאָן דאָס ריידעלע און אָפּגעקייטלט פלינק.

און ניומאַ קריכט אַהינטער אים מיט קיילעכדיקע אויגן —
אַ דריק געטאָן דעם אָנטרייבער . . . אַ פייף — און אָפּגעפלויגן . . .

## ד. די רעטונג

יאָגט זיך שנעל דער פאַראָוויק איבער באַרג און ריוו,
סאָפּעט ער און כראָפּעט ער און אָטעמט שווער און טיף.

פליען איבער הוילן סטעפּ קאַלינקאַ מיט ניומאַ'ן, —
ס'האָט זיך סוינע ניט געכאַפּט אין בלוטיקער מעהומע . . .

טוילן זיך זעליאָני'ס לייט מיט אָנגערויבטן גוטס,
פראַוועט באַנדעס הינטישע אַ סודינקע פון בלוט.

יאָגט זיך, איילט זיך פאַראָוויק צווישן רייפע ברויטן
ערגעץ־וואו דאָרט אָניאָגן דעם פאַנצערצוג דעם רויטן.

יאָגט זיך... איילט זיך... אָנגעיאָגט דעם פאַנצערצוג באַם בריק —
אַלץ דערציילט... אַ פייף געטאָן... און היידאַ אָף צוריק.

פליען צוויי כאַוויירים איבער סטעפּ ווי כמאַרעס,
הינטער זיי דער פאַנצערצוג פליט אָף אַלע פאַרעס.

פליט ער, יאָגט ער אייפערדיק, אָנגעשטעלט ס'געווער —
ציטערט אונטער פאַנצערצוג די הודיענדיקע ערד.

אָנגעפלויגן אימפּעדיק — דערזען די גרויסע בראָכן, —
אַ רים געטאָן . . . אַ וואָרף געטאָן . . . אין סאַמע סומאַטאָכע.

הודיען די קאַנאָנען איבער באַרג און סטעפּ, —
פליען היידאַמאַקישע אָפּגעהאַקטע קעפּ.

קוקן באַנדעם הינטישע : — היידאַ, באָלשעוויקעס ! —
ציטערן אין הענט באַ זיי די פּאַלנדיקע פּיקעס.

לויפן באַנדעם הינטישע אין פּאַכעד און אין גרויל.
יאָגן די כאַוויירים זיי מיט פולווער און מיט קויל.

יאָגן זיי און לאָקערן, טרייבן זיי און האַיעז,
וואַרפן היידאַמאַקעס די בלוטיקע קליי־זייען :

— „ס'האָט פּעטלוריע אופגערייצט אָף טראָצקין, אָפן זשיד,
האַרציקע כאַוויירים, דערבאַרימט זיך, פּאַרגיט !" —

נישט קיין רויטע עפּעלאַך פון די ביימער פאַלן, —
ס'פליען קעפּ באַנדיטישע אָף הודיענדיקע שפּאַלן.

אין די טיפע וועלדער, בלויז מיט הונדערט מאַן,
איז אַוועק זעליאָני, פּעטליורעס אַטאַמאַן . . .

## ה. נישטאָ קיין צייט צו טרויערן...

פליט פּאַראויס דער פּאַנצערצוג, פליען צוגן הינטן, —
ווער וועט גיכער אָנקומען : די צוגן, צי די ווינטן ?

פליען שנעל די צוג־ווינטן — געוועזן איז אַ פּריקאַז :
— „צו אַלעמען . . . צו אַלעמען . . . פּאַרטיידיקן דאָנבאַס !" —

ס'היינט געוועזן אַ הייסער שלאַכט, וועט מאָרגן זיין נאָך הייסער —
ס'גייט די אַלטע וועלט צו־קינד אין בלוטן און אין שווייסן . . .

נישטאָ קיין צייט צו טרויערן, אַראָפּלאָזן די קעפּ —
קייקלט זיך דער פּאַנצערצוג איבער הוילן סטעפּ.

קילע מאָרגנס גליווערן, הייסע שקיעס צאַנקען —
אין טעפּלושקעס אָקסענע דרינדזשען די טאַליאַנקעס.

צווישן העמדער קויטיקע, צווישן לייז און שוויים
זינגען שטימען ברוסטיקע, קוילערן זיך היים :

— „עך, דו עפּעלע,
ווייסע יונקערן, —
וועסט פּאַרפליען אָף דאָנבאַס, —
וועסט זיך שוין נישט אומקערן !" —

# 1. קובאַן

## אַ. אַף ביוואַק

נישט קיין הינט געפייגערטע שינדן בייזע היצלס, —
ווייס־גוואַרדיסטן פּאַסעווען קאַזאַקישע סטאַנציעס.

ס'האָט שוין לאַנג זיך שטילער ד אַ ן באַפרייט פון אַטאַמאַן, —
איצטער וויל באַפרייען זיך ליכטיקע ק ו ב אַ ן.

אַף סטעפּעס אַף קובאַנישע ווייסע באַנדעס רייטן, —
ברענען קלוניעס דאָרפישע, ווי פלאַקערדיקע שייטערס.

ווייסע באַנדעס לויערן מיט מעסער און מיט האַק —
האָבן רויטאַרמייער צעלייגט זיך אַף ביוואַק.

ליגן פאָלקן יאַטישע . . . קאַלטע ווינטן טראַסקען . . .
ס'האָט דער סוינע אָפּגענאַרט, אַרייַנגעכאַפּט אין פּאַסטקע . . .

ס'איז געווען אַ טאָעס, ס'איז געווען אַ גרייז —
ס'האָט דער סוינע אָפּגענאַרט, פאַרשלאָסן אין אַ קרייז . . .

וואַרטן פאָלקן יאַטישע, וואַרטן טעג און וואָכן, —
ס'איז שוין באַלד קיין ברויט נישטאָ, קיין קאַשע נישט צו קאָכן . . .

און אַף סטעפּעס ווערסטיקע אין פראַסטיקן אָרום
הערט מען נישט און שפּירט מען נישט קיין שאָרעך און קיין ברום...

פרירן רויטאַרמייער, פרירן קאָמאַנדירן,
מאַרך און אייוורים גליווערן פון סטעפּישער קרירע.

וואַרימען זיך ברידער מיט אייגענעם, מיט דעך,
זינגען רויטאַרמייער סומנע לידער: — "ע־ע־ע־ך!" —

— „געבראָטן הינדעלע, געפּראַזשעט הינדעלע,
ס'וויל אַ הינדל לעבן אויך . . .
האָט מען געפּאַקט עס און צעהאַקט עס
און אָפּגעקאָכט עס אין דער יויך.

— „אַך, דו הינדעלע, אָרים הינדעלע,
קרומע פיס!
דיינע פליגעלאַך, דיינע ביינדעלאַך —
צוקער־זיס! . . . —
— „אי — ע־ע־ע־ך!“ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## ב. אין אַ פּאַסטקע

אין טעפּלושקעס אָפענע מיט אויסגעהאַקטע טירן
זיצן אין די שטאַבן רויטע קאָמאַנדירן.

וואַרטן אַף פאַרבינדונגען, וואַרטן נעכט און טעג,
דאַרף מען דורכן סוינע זיך דורכברעכן אַ וועג . . .

און אין סטעפּ פאַרוויִעטן דורך נאַכט און קרירע שפּאַנען
כאַוועד קריוואָרוטשקאָ׳ס רויטע פאַרטיזאַנען.

האַרף מען זיי דאָרט אָניאָגן, פאַרקירעווען צוריק,
דאַרף מען צו זיי אויסשפּרייטן אַ כאַוועריש[ן] בריק . . .

ליגן פאָלקן יאַטישע . . . קאַלטע ווינטן ברומען . . .
שטייען אויף אינמיטן נאַכט קאָלינקאַ מיט ניומאַ׳ן.

ברענען יונגע הערצער מיט פייערדיקער זאָט,
לאָזן זיך כאַוויירים אַף העפקער און באַראָט.

אַף סטעפּעס אַף קובאַנישע ברענען העלע שייטערס . . .
פליען צוויי כאַוויירים, צוויי פלאַמעדיקע רייטער:

ראַטעווען די ברידער, וואָס רוען אַף ביוואַק . . .
שאַרפט אַף זיי באַגינען־זון אַ פייערדיקע האַק . . .

## ג. איז געקומען אַ נאַכט

איז געקומען אַ נאַכט און אַוועק איז אַ נאַכט —
און ס׳האָבן די רייטער קיין ניים נישט געבראַכט —
און געברומט האָבן פאַלקן . . .

האָבן יאָגן געריטן, געביטן די פערד,
געריטן אַף בערגער, געריטן אַף ערד,
געריטן אַף וואָלקנס . . .

אַ טאָג מיט אַ נאַכט — און אַוועק איז אַ וואָך . . .
און שאַרפער דער ווייטיק און הארבער דער בראָך . . .
און ווייטער דער שעטאָך . . .

און ס׳האָבן שוין יאָגן מיט אויגן, ווי זשאַר,
אַף סעטפּעס קובאַנישע מער נישט געוואַרט
אַף הילף און אַף רעטונג . . .

נאָר איינמאָל ווען ס׳האָט שוין דער צענטער מעסלעס
זיך פאַרהויבן אַף סטעפּ, ווי אַ ליכטיקער נעס,
ווי אַ גילדערנע פאַווע, —

אַף אַ מידן, צעבלוטיקטן, שווייסיקן פערד
האָט ק אָ ל י אַ  בע ס ס אָ נ אָ ו ו  זיך אומגעקערט, —
אַליין אָן זיין כאַווער . . .

הינטער אים — קריוואָרוטשקאָ מיט זיין עשאַלאָן,
מיט אַ רויטער, צעווינטיקטער, פלאַמיקער פאָן
אַפן פראָסטיקן הימל . . .

און ס׳האָבן זיך יאָגן געקושט און געהאַלדזט,
געטיילט זיך מיט קאַשע, מיט ברויט און מיט זאַלץ
און מיט פריידיקע שטימען . . .

און נ י ו מ אַ  איז געבליבן אין רויטן שטאַב
זיך גרייטן צום לעצטן, אַנטשיידענעם קלאַפּ,
צום לעצטן געראַנגל . . .

ס׳האָט קיין רו נישט געוואָרט אַף זיין שטורמישן קאָפּ, —
געוואָרט האָבן שלאַכטן, געוואָרט פערעקאָפּ, —
געגרייט האָט זיך וראַנגעל . . .

# 2. פּערעקאָפּ

## א. ווייסע גענעראַלן

איבער גרין פון דאָלינעס פלאַקערט העלע בליטשקע,
אונטער בוינעס יאַרישע לויפן רויטע ריטשקעס,

גענעל סטעפּעס סאַרפּענען אַף טויזנט דעסיאַטין, —
פלעקן הימלען כמאַריקע מיט גאָלדן און מיט גין.

איבער קרימער ווייגערטנער, יאַילעס און אדאיעס,
איבער שפּייכלערס ברוויטיקע, פּויערישע שייערס

האָבן וואַרנגעלס רייטער געלאָזט דעם רויטן האָן —
ברענען דערפער טאַורישע, ווי פלאַקערדיקער מאָן.

ערגעץ־וואו אַף סטאַנציעס, אַף רויכיקע וואָקזאַלן
זיצן ווייסגוואַרדייאישע וורענגעלס גענעראַלן,

דריקן זיין און קלעמען זיי אין ציטערדיקער האַנט
האַרט באַם יאַם אַזאָווישן אַ שמאָלן פּאַסיק לאַנד.

פון קרייצערס און דרעדנאָוטן האָט אויסגעזעצט אַנטאַנטע
אַף פלאַכלענדער אַף טאַורישע פרעמדלענדישע דעסאַנטן.

פון באַלאַקלאַוו ביז פּערעקאָפּ, פון אַלמע ביז גורזוף
האָט דורכגעקנאַלט, האָט דורכגעהילכט וורענגעלס ווילדער רוף:

— „פעלדפעבלס, אונטערס, פּראַפּאָרעס, מאַיאָרן, גענעראַלן,
ווי לאַנג נאָך וועלן איבער אונדז שאַלטן די וואַנדאַלן,

— ווי לאַנג וועט איבער אונדזער לייב און איבער אונדזער ביין
הערשעווען אין לייפּצערדאַק לייבעלע בראָנשטיין?

— לאָמיר די אַנטיכריסטן, די קרעציקע פאַרהעטער
אויסראָטן, פאַרטיליקן, צעשמעטערן, צעטרעטן,

— לאָמיר פרואוון אויסלייזן פון איראָדעס, פון זיי,
אונדזער הייליק מוטערל, אונדזער לאַנד ראַסיי"... —

האָבן רופן דורכגעקנאַלט איבער דאָנער סטעפּן —
טאָפּטשעט קרימער ווייַנגערטנער גענעראַל קוטיעפּאָוו.

האָבן רופן אָפּגעהילכט פון יאַלטע ביז ראָסטאָוו —
בויעט טליעס הויכינקע גענעראַל סלאַשטשאָוו . . .

## ב. אין רויטע שטאַבן

אין דעם יאָר דעם צוואַנציקסטן, אין כוידעש אין דעקאַבער
האָט מען אָפּגעריכט אַף שנעל אַ ראָט אין רויטע שטאַבן.

האָט מען דאָרט אַ פעסטן אַ באַשלוס געפּאַסט :
— אָפּנעמען בא ווראַנגעלן דעם שמאָלן קרימער פּאַס.

איבער שטעט צעבויטעטע, איבער כאָרעוו שטעטל
פליען טעלעגראַמעס, לויפן עסטאַפּעטן.

האַסטיקער פון וויכערווינט, שנעלער פון גאַלאָפּ,
פליען הייסע ראַדיאָס : — „נעמען פּערעקאָפּ!“ —

אַ באַשלוס אַזאַ געפּאַסט, דאַרף מען אים דערפירן —
גרייטן זיך און גרייטן זיך רויטע קאָמאַנדירן.

ווייסן רויטאַרמייער, ווייס יעדער קאָמאַנדיר,
אַז צייט איז לאַנג שוין אויסשטעכן דעם קרעציקן פוכיר.

שפּירן זיי, אַז זיין וועט דאָ אַ שווערינקער געראַנגל
מיט די לעצטע ווישקראָבן פון ענגלאַנד'ס ניימיט ווראַנגעל.

וואַרטן רויטאַרמייער און טשאַטעווען די צייט,
גרייטן זיך צום לעצטן, אַנטשיידנדיקן שטרייט.

* * *

פירן רויטאַרמייאישע פירן פאַלקן אונדזערע :
פונפאָרנט כאַווער בליוכער, פונונטן כאַווער פרונזע.

שפּאַנען פּאַרטיזאַנען פון וואָלגע און פון דאָן —
פלאַטערט איבער הייסע קעפּ לעניִנס רויטע פאָן.

קילע מאַרגנס גליווערן, הייסע שקיעס צאַנקען, —
קנעטן וועגן בלאַטיקע מאַכנאָ'אישע טאַטשאַנקעס.

געווען איז אַ באַפעל אַזאַ : מיט הוילן, מיטן קאָפּ
זיך דורכרייסן, זיך דורכבייסן און נעמען פּערעקאָפּ! . . .

## ג. טשאָנגאַר

טרייסלען ווינטן האַרבסטיקע ווייַנטרויבן און פלאַקסן,
שמייסן האַרטע פּענימער דאַרעמדיקע שלאַקסן,

בויגט זיך איבער פלאַכלענדער שטאָלצער קיפּאַרים —
קעמפן רויטאַרמייער, פאַלן פון די פיס . . .

ליגן רויטאַרמייער צעוואָרפן אַף באַשטאַנעס,
לעבן שוין דעם ניינטן טאָג אַף גרינע באַקלאַזשאַנעס.

רעכטס-צו, לינקס-צו ציט זיך ווייט אויסגעברענטער סטעפּ —
ראַכוועסן בייסאַלמינשע פאַר שטורעמדיקע קעפּ.

ס'איז דער סוינע האַזעדיק, ס'איז דער פיינט פאַרצווייפלט,
וואַרפט ער זיך און וואַקלט זיך אין וויסטן כוילע-נויפל.

פילט ער שוין און ווייסט ער שוין, אַז נאָענט איז דער סאָף
פאַר וורַאַנגעלס גענעראַלן קוטיעפאָוו און סלאַשטשאָוו . . .

ס'האָט רויטע פאָן זיך שוין מיט דאָן און מיט קובאַן געבריהערט, —
דאַרף מען איצטער אויסלייזן די זוניקע טאַווּרידע.

דאַרף מען זי באַפרייען פון וורַאַנגעלס ווייסע לייט —
וואַרטן רויטאַרמייער, טשאַטעווען די צייט.

פאַרכאַפּט איז שוין אַלעשקער זאַמד, יושונער טיפע יאַרן, —
וויפיל חאָט מען דאָרט געלאָזט רויטע קאָמיסאַרן! . . .

געבליבן איז דער איינציקער דער באַרגיקער טשאָנגאַר —
אַף פלאַכלענדער אַף טאַווּרישע — וורַאַנגעלס לעצטער שפּאַר.

קריכן רויטאַרמייער אַף באַרגיקן געקלעטער
קעגן סאָנים ראַצכישע, קעגן די פאַרהעטער —

פּליסן, שוימען באַרג־אַראָפּ אין העפקערדיקן גלוט
קאָכעדיקע קאָרעטעס מיט פּליעסקנדיקן בלוט . . .

ברענט און פלאַקערט הייסע שלאַכט אין יאַרן און אין ריוון,
האַלטן אָפּ אַ ראַט באַ זיך רויטינקע נאַטשדיוון.

— „כאַווײרים־ברידער, קלאָר איז דאָ די טראַציקע געפאַר —
ס׳וועט אַלעמען אונדז אויסלייגן דער סוינע באַ טשאָנגאַר.

— זעט, ווי ס׳פאַלן אײנציקווייז די יאַטן, ווי די פליגן, —
מוז מען עפּעס צוקלערן דעם סוינע איבערקליגן . . .

— ס׳וואָלט גוט געווען אַ כאַפּ צעטאָן דעם סוינע פאַרן קאַרק
אין אומגעריכטן אָנפאַל אים צעטרעטן אַפן באַרג.

— איז דאָ אַ וועג אַ זיכערער, ז׳פאַראַן אַ גוטער פאַרטל:
מיט הייסן פולווער אופרייסן פונאַנדערווייניק די פאַרטן.

— נאָר שמאָל און לאַנג ז׳דער וועג אַהין, ווי ס׳העלדזל פון אַ פלאַש,
איבער געלע וואַסערן פון שטורמישן סיוואַש.

— איז ווער איז גרייט אַף ליכטיקן, אַף ברידערלאַכן אָפּפער,
אײנשטעלן, אָוועקלייגן זײן שטורעמדיקן קאָפּ ווער?

איז ווער וועט דאָ נישט זשאַלעווען די שקורע אין געפאַר, —
איז ווער וועט גייען אויפרייסן דעם באַרגיקן טשאָנגאַר?

פון רייען רויטאַרמייאישע, פון שטורעמדיקע פלאַנגען
אַרויס זענען צוויי יאַטן, צוויי יונגען ווי די זאַנגען.

מיט זונען אין די אויגן, מיט פלאַטער־פלי אין שפּאַן:
ק אָ ל י נ ק אַ דער קאַטאָרזשניק און נ י ו מ אַ שאַרלאַטאַן.

— „וואָס שייעך צו באַלאַקען דאָ, מיר זענען גרייט, כאַווײרים,
צו אָפּפערן פאַר אַלעמען די קעפּ און די געדערים.

— מיר שווערן דאָ, אַז פריער נאָך ווי קרייען וועט דער האָן —
וועט פלאַטערן אַף באַרגשפּיצן לעניִנס רויטע פאָן!“ —

ווען ס׳האָט פֿאַרהוילן דאָרעם־נאַכט איר שטערנדיקן פּאָנים,
אַוועק זיענען אין פֿינצטערניש צוויי העפּקערדיקע באַנים.

שווימען צוויי כאַוויירים מיט דינאַמיט אין טאַש
אַריבער דעם צעקלויצעטן, צעבויטעטן סיוואַש.

ליגן רויטאַרמייער מיט אויגן צו די הייכן,
מיט הערצער מיט פּאַרטייעטע וואַרטן אַף אַ צייכן . . .

הילכן בלויז דעם וועכטערס טריט אין דרימלענדיקן יאַר . . .
— וועסט זיך פֿון די רויטע שוין נישט אויסהיטן, טשאַנגאַר! . . .

און פּלוצים . . . עפּעס רודערט זיך און קראַכט אין סוינע׳ס פֿעסטונג,
ווי ס׳וואָלטן שטיינער מאַכיקע גערירט זיך פֿון די נעסטן . . .

און פּלוצים — טראַך... און ווידער שטיל... און ווידער דונערקנאַל...
און ס׳רייסט זיך, ס׳קייקלט זיך טשאַנגאַר אין שטיינערדיקן פֿאַל...

ערשט ווען אַף הימלען ראָזעווע געשפּראָצט האָט שוין באַגינען, —
דערזען האָט מען דעם סוינעשן דעם לאַגער אין רואינען...

און איבער כורוועס שטיינערנע, אַף באַרגשפּיץ אויבנאָן
האָט פֿלאַטערדיק צעווינטיקט זיך לעניִנס רויטע פֿאָן...

## ד. גענומען פּערעקאָפּ

אין דעם יאָר דעם צוואַנציקסטן, אין כוידעש אין דעקאַבער
פֿליען הייסע ראַדיאָס פֿון קרימער רויטע שטאַבן,

האַסטיקער פֿון וויכערווינט, שנעלער פֿון גאַלאָפּ:
— „היינט, דעקאַב דעם עלעפֿטן, גענומען פּערעקאָפּ!... —

פֿליען הייסע ראַדיאָס: — „מאָסקווע... רויטער קרעמל...
צעבראָכן און צעשמעטערט איז דאָס קרעציקע געזעמל...

— געווען איז דאָס דער לעצטער, אַנטשיידנדיקער שטרייט,
געזיגט האָט מאַכט פֿון אַרבעטער־און־פּויערישע־לייט!“... —

## ה. אין מערכאָקים

איבער יאַם אַזאָווישן, איבער יאַם דעם שוואַרצן,
שפּיצן פֿון דרעדנאָוטן אין די וואָלקנס שטאַרצן.

פירן שיפן ענגלישע, פירן אין דער פרעמד
רעשטלאך קוים-אנטרונענע פון פלינהער און פון קלעם.

שוימען כוואַליעס, צערענען, בייזערן זיך שקוואַלן —
הוליען אַף דרעדנאָוטן ווראַנגעלס גענעראַלן.

הוליען זיי און נויעפן פון אָוונט ביז קאַיאַר:
מאָרגן וועט מען אויסלאָדן די רעשטלאך אין באָספאָר.

וועט מען דאַרפן לאַסט טראָגן אַף שיפן און אַף דאַמבעס
אין האַפנס אין עגיפּטישע, אין באָוול-קאַך פון סטאַמבול . . .

הוליען זיי און נויעפן — אַלץ איז שוין פאַרזאַמט, —
געבליבן איז אַ קויל אין קאָפּ, צי טיפעניש פון יאַם...

אין די טריומען ליידיקע, אין די הוילע טיפן
פון די קרייצערס ענגלישע, פון דעם סוינע'ס שיפן,

זידן קעסלען קאַכיקע, גליען הערצער — זשאַר —
פראַצען דאָרט פון-פרי-ביז-שפּעט דער קאַך און קאַטשעגאַר.

ווייסן נישט די ענגלענדער, ווייסן נישט די סאָנים,
אַז אין טיפן טריומישע פירן זיי צוויי באָנים,

פירן זיי צוויי יאַטן מיט פלאַטער-פלי אין שפּאַן —
ק אַ ל י נ ק אַ דעם קאַטאָרזשניק און נ י ו מ אַ שאַרלאַטאַן.

ווייסן נישט די ענגלענדער, אַז האַסטיקער פון ווייכערס
פירן זיי כאַווײרים צוויי אַף לעצטינקער שעליכעס . . .

ווייסן נישט און שפּירן נישט, אַז זיין וועט זיי באַשערט
אָנציגדן די גאַנצינקע, די קוילעכדיקע ערד . . .

אין קאַיוטן אויבערשטע איז הולקע און נעזיפע —
און אין טריומען ליידיקע, אין די הוילע טיפן

פירן שיפן ענגלישע — היט זיך, וועלטן, היט! —
לעבעדיקע קעסעלאך מיט הייסן דינאַמיט . . .



ב.

# קאַראַגון
# דער
# פויערישער זון

(אַ מאַיסע פאַר קליין און גרוים)

1929

[ליכט און ברויט]

# אַ. אַבוּכאַנ׳ם פּאַלאַץ

אין אַ לאַנד, אַ לאַנד אַ ווייטן,
נישט מיט פערד אַהין דעררייטן,

נישט דערפאָרן, נישט דערגיין,
אַף אַ גרויען פעלזנשטיין

שטייט אַ פּאַלאַץ, דין און הויך,
מיטן שפּיץ אין וואָלקנרויך.

איבער בערג און איבער טאָלן
גרינע טויכן זיך קופּאָלן,

זיילן ווייס, ווי מירמלשוים,
שפּאַרן אָן אין בלויען רוים.

אין דעם פּאַלאַץ — טויזנט שפּאַן —
וואוינט דער קיניג אַ ב ו - כ אַ ן.

הונדערט קאַמערן און זאַלן,
ווענט געוועלבט, ווי קאַטעדראַלן,

און באַ יעדער טיר פון זאַל
שטייט אַ בייזער גענעראַל.

שטייט דער פּאַלאַץ טויזנט יאָר,
ווי אַ כאָלעם אָפן וואָר.

איבער העלע קאָרידאָרן
קלינגען, זינגען זילבער־שפּאָרן,

און אַ מאַכנע נאָבליים, —
פרעך, צעלאָזן און פאַרשייט, —

גליטשט זיך, וויגט זיך אין קאַדריל
איבער אָנגעוואַקסטן דיל.

אין דער סאַליע, אין דער שענסטער
מיט דריי הויך־געוועלבטע פענצטער

אַפן סאַמע אויבנאָן
שטייט דעם קיניג אַ ב ו ' ס טראָן:

צוויי פון גינגאָלד לייבנקעפ
אַף געשטעל פון זילבערטרעפ.

אויבן הויערט פ י פ ע ר נ אָ ט ע ר,
אונטן לויערט שוואַרצער ק אָ ט ע ר,

גרינער ש פ י פ ו ן, ו ו י ז ל ט י ר —
באַ די זייטן שאָמרים פיר.

אַלץ געשניצט און אויסגעשטאָלצט
פונם פיינסטן עבען־האָלץ.

ס'האָבן טויזנט קנעכט און שקלאַפן
שווער געפּראַצעוועט צו שאַפן, —

דורך די טעג און דורך די נעכט
ביז צו קראַנקער געלער זעכט, —

נישט געקאַרגט קיין מי, קיין לוין —
זיבן וואונדער פאַר זיין קרוין.

איבער הונדערט לענדערייען,
איבער גיטער און אַדייען,

איבער דאָרף און איבער שטאָט —
מיט גאָטס כעסעד, מיט זיין גנאָד

אַף זיין טראָן מיט פעסטער האַנט
הערשט דער קיניג אַ ב ו - כ אָ ן.

## ב. אַ גאַניידן אַף דער ערד

פון גאַנצפרי ביז שפּעטסטן טונקל
איז דער פּאַלאַץ איינגעטונקען

איבער לייַנג און איבער ברייט
אין געפּליעסק פון וואַסער־פּלייט.

שטראָמט און פּליסט נאַכט־אויס נאַכט איין
רעגנבויגנדיקער שייַן.

און אין גרינעם האַלבן קיילעך
ווייט אַף מיילן — אַ מעהיילעך —

ציט זיך, שלייַנגלט זיך אַ סאָד,
ווי אַ קישעפדיקער סאָד,

מיט אַ קלעטער, מיט אַ בויג —
נישט דערכאַפּן מיטן אויג.

און אין גאָרטן אַזאַ שעפע,
קיין איינאָרע נישט, קיין אייפּער:

פּלאַטער־פּלי און פליטער־פּלי
פון גאַנצפרי און ביז גאַנצפרי.

בינען־זשום און פויגל־פייף —
אַלץ איז צייַטיק, אַלץ איז רייף.

שטייען צווייגן אָנגעלאָדן
פול מיט פּיירעס, זיס ווי פּלאָדן:

רויטע עפּל, רונד און גרויס,
יעדער עפּל, ווי אַ פויסט.

געלע באַרנעס, צייַטיק שוין —
ריים און עס זיי פון דער קרוין.

ווייַנשל, קאַרשן און מאַרעלן,
ווי די פייַערדיקע קרעלן,

שוואַמען, קרייַטיכער און טמין,
טרויבן — לויטערער בורשטין.

ווילדע גראָזן — הויך און פעט —
פלוימען, גוטעסן — צווזעט.

און אַף ברייטע לאָנקעס גרינע
איבער אַבו־כאַנ׳ס מעדינע

פּאַשען זיך פון פרי ביז פרי
פעטע רינדער, שאָף און פי.

רונדע קי און שלאַנקע פערד —
אַ גאַניידן אַף דער ערד.

ס׳האָט דער קיניג טרייע דינער
אין די שטעט פון זיין מעדינע.

און אין יעדער גאַס און הויז
רייסט מען מאַס פון קליין און גרויס.

גרויל און שרעק איז זיין באַפעל:
פאַרן פויער און געזעל.

ברויזט אין פּאַלאַצ׳ס טיפע קעלטערס
מעד און וויין פון אַלע עלטערס.

פוילט אין שייערן דאָס ברויט, —
צינז פון פראַצע און פון נויט, —

רויב פון פויערישער זעט —
אַלץ פאַר ביידן מאַיעסטעט:

קאַטשקע־פוטער, אינדיק־זאָמען,
צימרינג, נעגעלאַך און בסאָמים,

זאַפראַן־כאַלע, קימל־ברויט,
פויגל־מילך און טייפלסקויט.

ברעכט זיך פּאַלאַץ פון קאָל־טואוו —
אַלץ פאַר כאַנ׳ס צעשטאָפּטן גוף.

וואַקסט דער שלאָס — אַ פולער בעכער —
וואַקסן גיטער און געמעכער,

וואַקסט דעם קיניג׳ס שטאָלץ און רום
ווייט אַרום און ברייט אַרום.

נאָר צום שמאַך פון אַ בו־כאַן
ווערט אַלץ אָרעמער דאָס לאַנד.

## ג. שטעכיק דראָט

ס׳איז דער פּאַלאַץ פעסט פאַרזיגלט,
שווער פאַרהאַקט אַף טויזנט ריגל,

מיט אַ פּאַרקאַן, מיט אַ צוים —
קיינער קאָן אים גרייכן קוים.

און אַף וועגט אַף הויכע דראָהט
שפּיציק גלאָז און שטעכיק דראָט.

אַף די טורעמס שטייען היטער,
האַלטן שמירע שטומע ריטער —

מ׳האָט באַפוילן — מוז מען שטיין,
שווער באַוואָפנט ביז די ציין.

שטייען שאָמרים טאָג־ווי־נאַכט,
קוקן, לאָקן, האַלטן וואַך.

אַז אַף פּאַלאַצ׳ס ווייסע וועגן
זאָל זיך קיינער נישט דערוועגן,

נישט קיין כלאָפּ, קיין אָרימאַן
קומען נאָנט אַף טויזנט שפּאַן,

קיינער וואָס איז הויל און פּראָסט, —
אַפן שעטאַך פון אַ שאָס.

און די אָר׳מע כלאָפּן וויכן
פון דעם פּאַלאַץ, פון דעם רייכן.

און אַז ס׳לויפט שוין ווער פאַרביי —
הערט מען בלויז אַ זידלעריי

און אַ שימפּפן און אַ פלוך —
אַזש עס גייט דורך לייב אַ סקרוך.

יערט די סינע, וואַקסט דער צאָרן,
ווי אַ בליענדיקער דאָרן.

קלייבט זיך, פלעגט זיך גרעלער האַס
אַפן הויף און אַף דער גאַס.

וואַקסט און נערט זיך האַס — און דראָהט
איבער שטעכעדיקן דראָט.

## ד. דאָס פּאָלק צאָרנט

ווייט פון פּאַלאַצ׳ס ווענט באַשיצטע,
ווייט פון טורעמס גאָלד־באַשפּיצטע,

ציט זיך, שטרעקט זיך ס׳גרויסע לאַנד —
נישט דערגרייכן מיט דער האַנט.

וואו דו טוסט מיט אויג אַ וואָרף —
ליגט אַ שטעטל, ליגט אַ דאָרף.

אין די שטעט מיט שמאָלע ליקן
שטומע פּוסטעווען פאַבריקן.

אונטער ברוקן — וויסט און לער —
ווייגט די שטיין־באַדעקטע ערד.

מאָלן מילן נישט קיין ברויט,
מאָלן נאָגנדיקע נויט.

איבער שטיבער, איבער הייזער
פירט דעם הונגער׳ס דאַרער ווייזער.

וואו ער טוט אַ שטומען פיר —
עפנט זיך פאַר אים די טיר.

קומט אַריין און ציט זיך אויס —
ווערט ער מוישל אינעם הויז.

אין די דערפער קרומע כאַטעס,
ווענט פון ליים און דעכער־לאַטעס.

אויסגעליידיקט האַט די נויט
פון די שייערן דאָס ברויט.

און באַזעצט זיך — דאָר און שטײף —
מיט איר גרילצנדיקן פּײף.

שװײגט דאָס דאָרף אַ שטומען שװײגן,
װײל זײַן צאַר און פּײַן נישט צײגן.

גײען קינדער, קלײן און גרױס,
נאַקעט, באָרװעס, הױל און בלױז.

בליצן אױגן אין געװײן,
כריאַשטשען הונגעריקע צײן.

## ה. קאַראַגון

אין אַ געגנט, אין אַ װילדער,
װײט פֿון שטאָטישן געפּילדער,

װײט פֿון טומלדיקע מערק,
צװישן פּעלזן, צװישן בערג,

אין מעשופּעדיקן טאָל
שטײט אַ כוטאָר פֿון אַמאָל.

אין אַ װאַלד, אַ װאַלד אַן אַלטן,
ליגט דאָס כוטאָרל באַהאַלטן,

נישט באַם אָנהױב, נישט באַם ברעג —
קײנער װײסט אַהין דעם װעג.

דאָרט האָט קאַראַגון זיך פֿעסט
אױסגעבױט זײַן הײלן-נעסט.

נישט אין שטאָל-געשמידטע היטער,
נישט קײן גאָלד-געצירטע ריטער,

נישט קײן שװערע, טרײַע װאַך
שטײט דאָרט, היט דאָרט טאָג-װײ-נאַכט.

בלױז טאָפּאָלן — שאָמרים צװײ —
קאַראַגונען היטן זײ.

פונם היצל ביז כ אַ ס ו נ ע ן —
אַלע קאָנען ק אַ ר אַ ג ו נ ע ן.

יעדער פירשט און יעדער כלאָפּ
ווײַס זײַן שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ.

ס׳קאָנען אַלע — יונג און אַלט —
זײַן ברוין־הויטיקע געשטאַלט.

צווישן פערד און צווישן אָקסן
איז ער ראַפּטאָם אויסגעוואַקסן

אַ וויכראַסטער, בלאַטער יונג,
ברוין און שאַרסטקע, ווי די זון.

שלאַנק און הויך און פעלזן־שטאַרק,
מיט אַ מאָך־באַדעקטן קאַרק.

הייסע אָגערס, ווילדע שקאָפּעס
צוימט ער מיט די הוילע לאַפּעס.

האָבן מענטשן, פערד און פי
מוירע פאַר זײַן אָטעמצי.

וואַקסט זײַן נאָמען און זײַן רום
ברייט אַרום און ווײַט אַרום.

פון באַגינען ביז באַגינען
איבער אַ ב ו ־ כ אַ נ ׳ ס מעדינע

יאָגט מיט באַנדעס ק אַ ר אַ ג ו ן
נאָך אַ רייכן פירשט׳ס טאַבון.

און אַז ס׳מאַכט זיך באַ דער האַנט —
שלאָגט ער אָפּ אַ קאַראַוואַן.

אָנגערויבט און אָנגעגאַזלט,
ברייִנגט ער ס׳גאַנצע דאָברע־מאַזל

צו די כלאָפּעס (גלויב נישט־גלויב!)
און צעטיילט זיי גאַר די רויב.

ליבט דאָס פאָלק אים היים און צאַרט
פאַר זײַן דימענטענעם האַרץ.

# ו. אַבוכאַן בייזערט זיך

איבער דערפֿער, איבער יאָרן
יאָגן אַ ב ו כ אַ נ ׳ ס הוסאָרן.

זוכן נעכט און זוכן טעג
און געפֿינען נישט דעם וועג.

— „שוויטים־פֿערשטער! — זוכט־געפֿינט
אַפֿן פֿעלד דעם פֿרייען ווינט!“ —

הוליען באַנדעס, צינדן הויפֿן,
פּריצים ציטערן און לויפֿן,

שמייען ווי פֿאַרסאַמטע מייז,
איינציקווייז און מאַכנעסווייז,

באַ דעם קיניג זוכן שוץ
פֿאַר צערויבטן האָב־און־גוטס.

שיקט דער קיניג צוויי שטאַפֿעטן
איבער דאָרף און איבער שטעטל,

איבער טאָל און איבער בערג,
איבער טומלדיקע מערק —

צו באַזוכן יעדן שוועל
אָנצוזאָגן זיין באַפֿעל:

— „ק אַ ר אַ ג ו ן , דו, זון פֿון פֿויער,
ס׳איז דערגאַנגען צו מיין אויער

די געשרייען, דאָס געוויין
פֿון דעם רייכן ווייסןביין.

האָסט פֿאַרטריבן אים פֿון לאַנד
מיט דיין מערדערישער האַנט. —

— „דיינע באַנדעס צינדן, רויבן,
שענדן אונדזער גאָט און גלויבן,

שעכטן, האַרגענען לאַראַוו —
אָן אַן אופהער, אָן אַ סאַף,

שינדן פאַסעס — פרעך און דול —
ס'האָט געפּלאַצט שוין מיין געדולד. —

— „כ'בין שוין אַלט און פול מיט יאָרן,
קום איך איצט צו דיר און וואָרן:

ביסט נאָך יונג און פול מיט לוסט —
גיב זיך אונטער מיין רעשוס.

ווילסטו בלייבן מיר געטריי —
ועסטו לעבן פראַנק און פריי. —

— „כ'וועל דערהויבן דיך צו ריטער,
כ'וועל דיר שיינקען רייכע גיטער,

פערד און רינדער, שאָף און פי
און צען מעלקנדיקע קי.

איידלשטיינער אָן אַ צאָל
און אַ פולע שטוב מיט גאָלד. —

— „טאָמער ניט, דו, שוואַרצער גאַנעוו,
זענען נאָך גענוג פּאַראַנען

זעלנער, פערשטער, טרייע לייט
אין מיין פּאַלאַץ, בא מיין זייט.

ווי אַ הונט, אַף אַלע פיר
וועט מען ברענגען דיך צו מיר. —

— „אין די קעלערס, מענטש געוואַרטער,
וואַרטן לאַנג שוין פיין און מאַרטער.

פאַר דיין לעסטער, פאַר דיין האַס
וועל איך אויסלאָזן מיין קאַס.

כ'שווער באַם הייליקן צ י ק ל אַ פּ —
וועסט באַצאָלן מיט דיין קאָפּ!“ —

## ז. קאַראַגונ׳ס ענטפער

— „אַ ב ו כ אַ ן, דו, בידנער הערשער,
כ׳האָב קיין פאָרכט פאַר דיינע פערשטער.

דיינע סראַרעס ווייסן וואויל —
שאַרף און טרעפלאַך איז מיין קויל.

יעדער זעלנער אין דיין לאַנד
ציטערט, פלאַטערט פאַר מיין האַנט. —

— „נישט דערויף האָב איך געצונדן,
פון די פייניקער געשונדן

זייער דינע, איידלע הויט
און געבראָטן זיי צום טויט, —

אַז פאַר דיר און דיינע לייט
זאָל איך אופגעבן דעם שטרייט. —

— „כ׳וויל נישט זיין דיין טרייער ריטער,
כ׳וויל נישט דיינע רייכע גיטער,

נישט קיין רינדער, נישט קיין פי, —
פרוכט פון פויערס שווערער מי, —

און קיין זילבער און קיין גאָלד
האָב איך אויך נישט איבריק האָלט. —

— „העלער שיין פון אָר׳מע שטיבער
פון דיין פּאַלאַץ איז מיר ליבער.

שטילע פרייד פון אָרימאַן —
ז׳פאַר מיין גומען זיסער מן.

ליבערשט איז מיר ליגן טויט,
איידער זען זיין פיין און נויט. —

— „קום איך איצט צו דיר און וואָרן:
ס׳ברויזט דאָס פאָלק און ס׳וואַקסט זיין צאָרן.

נעם מיט הארץ און מוט זיך אָן
און פאַרנעם זיך פונם טראָן.

דו און אויך דיין בענקאַרט-זון,
דער שלאַקריריקער כ אַ ס ו ן!“ —

## ת. רויטער דעמער

הילט זיך לאַנד אין רויטן דעמער.
פריצים ציטערן, ווי לעמער.

און דער קיניג אויפן טראָן
ציטערט, פלאַטערט, ווי אַ האָן.

שיקט ער ווידער אַ באַפעל
צו דער אויפגעברויזטער וועלט:

— „אָ, וואָס שווייגט איר, אָ, וואו זייט איר,
איר, דעם קיניג׳ס טרייע רייטער?

לויפט צונויף און יאָגט אויף פערד,
זוכט אים אויסעט אונטער דר׳ערד.

כאַפּט אים, שלעפּט אים, טרייבט קאַסטראַי —
ברענגט אים לעבעדיק, צי טויט!" —

יאָגן אַ ב ו כ אַ נ ׳ ס כאַיאַלעס,
שלעפּן מענטשן בײַ די פּאָלעס.

פליען קעפּ און שווינגען קעפּ
פון דער שוואַרצער פּלאַכע׳ס טרעפּ.

ביז עס ווערט דעם טאַליענ׳ס האַנט
מיד פון האַקן נאָכאַנאַנד.

שילטן ווייבער אַ ב ו כ אַ נ ׳ ע ן
פאַר די אויסגעשעכטע מאַנען.

קלאָגן מוטערס טאָג־נאָך־טאָג
זייער יאָמערלאַכע קלאָג

פאַר די אויסגעקיילטע זין
אָן אַ מישפּעט, אָן אַ דין.

שווייגט דער כלאָפּ, אין זיך פאַרטייעט,
ווי אַ שווער־פאַרוואונדעטע כאַיע.

שווייגט און וואַרט אויף רעכטער צייט
פאַר זיין לעצטן בייזן שטרייט.

גרייט זיך, ריכט זיך ק אַ ר אַ ג ו ן
צו זיין לעצטן לייבן־שפּרונג.

## ט. דער קיניג איז פאַרביי...

איבער אומעטיקע זאַלן
שטייען ווייסע גענעראַלן,

לויפן הין און לויפן צ׳ריק,
גליט די שרעק אין זייער בליק —

ס׳איז שוין לאַנגע וואָכן דריי,
ווי דער קיניג איז פאַרביי.

זינט דעם ענטפער פון פאַררעטער, —
עסט נישט, טרינקט נישט, ליגט צו בעט ער,

אויסגעצויגן, דאַר און קוואַר,
ווי אַ גוילעם ווי אַ נאַר,

האַלט די אויגן צוגעמאַכט,
ראַק ער זאָרגט און ראַק ער טראַכט.

איבער אַנגעוואַקסטע דילן,
אין דעם אָפּשיין, אין פּראַגילן,

רופאים שמייען הין און הער,
קייען מיט די ציין די ערד,

ווילן אויספאָרשן, דערגיין
פון זיין מאכלע, פון זיין קריינק.

לעבן קיניג, ווי אַ פלאָקן,
הילפלאָז, נעבעכדיק, דערשראָקן,

שטייט זיין יוירעש, שטייט זיין זון,
דער שלאַקריריקער כ אַ ס ו ן,

דין און דורכזיכטיק, ווי גלאָז,
געל ווי וואַקס און גרין ווי גראָז.

אויסגעצירט אין גאָלד און זיידנס,
מיט אַ פּאָנים פול מיט ליידן,

אויסגעדאַרט און אויסגעבלייכט, —
הענט פאַרבראָכן אין דער הייך, —

אין אַ ווינקל איין-אַליין
זיצט די קיניגין און וויינט.

ליגט דער קיניג אויסגעצויגן . . .
פּלוצים עפנט ער די אויגן,

טוט אַ הייזעריקן הוסט
און אַ כאַפּ זיך פאַר דער ברוסט.

לאָזן אַלע זיך צו אים.
שלוכצט זיין סקריפּעדיקע שטים:

— „זאָגט דער אַלטער, בייזער קליפּע,
זאָל זי אויפהערן צו כליפּען.

סוועט נישט העלפן איר געוואַי.
כוויים שוין פּינקטלאַך און גענוי:

ז'האָט מיט אַלעם מיך גענאַרט —
פונם הויף-נאַר ביזן באָרד. —

— „נישט דערויף האָב איך דערהויבן
אונדזער קרוין און אונדזער גלויבן,

פערציק יאָר געפירט אַ קריג,
אַלץ און אַלעמען באַזיגט, —

אַז אַ גוילעם, אַז אַ שנעק
מאַכן זאָל צו אַלץ אַן עק. —

— „הערט מיך אויס, איר, גענעראַלן,
טרייע ריטער און וואַסאַלן,

כ'פיל שוין, ווי דורך האַרטע ווענט
שוואַרצער טויט צו מיר גענענט . . .

ווי באַם אָנהויב, אויך באַם סאָף,
סאָנים האָבן מיר לאַראָוו. —

— „אָבער אונדזער ערגסטער סוינע
איז דער היצל, אָט-דער ברוינער,

אַט־דער הינטיש־שטאָלצער זון,
שוואַרצער גאַנעוו  ק אַ ר אַ ג ו ן.

כאַפּט אים, קעפּט אים אויף געשווינד,
וואַרפט זיין קערפּער פאַר די הינט!" . . .

ס'איז דער קיניגלאַכער אַכזער
אויסגעמאַטערט, קראַנק און שוואַך זייער.

טוט אַ הוסט און טוט אַ כריפּ —
ווייזט זיך בלוט אויף בלויער ליפּ.

ציט זיך אויס אין גאַנצער גרויס,
הויכט דעם לעצטן אָטעם אויס.

— — — — — — — — — — — — —

## י. נאָך ליכט און ברויט

אין דער טעמנער נאַכט, דער וויסטער,
ציען מאַכנעס, ציען ביסטרע,

צו דעם פּאַלאַץ האַלטן וועג
איבער זייטיק־שמאָלן שטעג.

ציען מאַכנעס, גרייט צום שלאַכט,
אין דער כאַשכעס פון דער נאַכט.

אין פאַראויס — אַ זייל פון פייער —
ק אַ ר אַ ג ו ן, דער פּאַלקס־באַפרייער.

ברענען שראַמען, ווי אַ קרוין,
אויף זיין שטערן, הויך און ברוין.

שפּאַנט, דערנענטערט זיך צום שלאָס
מיט די ריטער ה ו י ל און פ ר אָ ס ט.

איבער צאַמען און אָקאָפּן
פירט ער זיינע טרייע כלאָפּן.

טוט אַ פייף און טוט אַ ברום —
פאַלט אַ שרעק אויף אַלץ אַרום.

לויפן היטער, ווי די מייז,
שלעסער שמעלצן זיך, ווי אייז.

בלייבן אַלע ווי פאַרשטיינערט,
שטייען, קלאַפּן מיט די ציינער.

איז דאָס כאַלעם? איז דאָס וואָר?
ק אַ ר אַ ג ו ן וועט הערשן גאָר? —

— „זאָג, וואָס ווילסטו, ק אַ ר אַ ג ו ן,
פרייער, פויערישער זון?" —

— „נישט קיין רייך און נישט קיין טראָנען
איז געקומען ק אַ ר אַ מאָנען,

נישט פאַר זיך קיין סכאַר, קיין לוין,
נישט קיין סצעפּטער, ניט קיין קרוין.

כ'האָב פאַרשפּראָכן ל י כ ט און ב ר ו י ט
פאַר די קינדער פון דער נויט.

— „עפנט אַלע גאָלד־פּאַלאַצן,
אַלע אָנגערויבטע שאַצן

פאַר דעם לאַנג־געזאַלבטן קאָפּ,
פאַר דעם נ י י ע ם ק י נ י ג כ ל אָ פּ.

ברויט און האָניק, זאַלץ און וויין —
אַלץ געהערט אים, אַלץ איז זיין!" —

— — — — — — — — — — — — — —

באַ דעם באַר־מינאָן צוקאָפּנס
יובלען אויסגעלייזטע כלאָפּן:

— „לאַנג זאָל לעבן ק אַ ר אַ ג ו ן,
אונדזער פויערישער זון! —

דורך זיין ווילן, דורך זיין האַנט
לעבט דאָס פויערישע לאַנד!" —



ג.

# נעגער דזשים

(אמעריקאנער באלאדע)

1928

[ליכט און ברויט]

# א. אָלד-קענטאַקי

נעגער ד ז ש י ם איז נישט קיין ברוינער
און, כאַלילע, נישט קיין מולאַט.
זיין היים — אַף די קאַרענע פּלוינען
פון קענטאַקי — דעם מיטל-שטאַט.

זיינע האָר זענען ווילד און געקרייזלט
און גלאַנציק און פּעכיק און שוואַרץ,
און הייסער פון גליאיקן אייזן
איז זיין רויט און צעוואונדיקט האַרץ.

יונגע טעג און אַ קנעכטיש לעבן.
ער געדיינקט נישט אין וועלכן יאָר,
נאָר ער ווייס, אַז דער גוטער א י י ב י
האָט באַפרייט אים אין סיוויל-וואָר.

זיין טרייהייט צו אים — ווי אַ סקאַלע —
איז פעלזיק געווען און האַרט,
האָט אים א י י ב י אַ זילבערנעם דאָלער
געשיינקט אַ מאַטאָנע דערפאַר.

איצטער ליגט ער געלעמט אַפן בעטל
פון שטאַטישן היים-שפּיטאָל
און ער כאַלעמט פון וייטן שטעטל
אין גרינעם, צעאַקערטן טאָל.

און אין מאַרך, אין צעהיצטן און העלן,
טויכן אוף פון פאַרגאַנגענער וואָר,
ווי הייסע, קאַלירטע קרעלן,
זיינע פאַרביקע אַ כ צ י ק יאָר.

זעט ער פּלוינען פון אָלד-קענטאַקי,
באַם ברייטן, געשליינגעלטן וועג,
הערט ער קלינגען די זונטיק-גלאָקן
נאָך זעקס האָרעפּאַשנע טעג.

זעט ער זיך צווישן גרינע סעדער,
באַהעלט פון זוניקן שטויב,
און ט ע ד י ׳ ן — זיין יונגן צעדער —
און פּ ע ג י ׳ ן — זיין שטילע טויב.

## ב. לינטש-נאַכט

די יאָרן, ווי שלעפּ-שיף שווימען,
נאָר גרינג איז דעם נעגערס טראָט.
און גוט איז דעם גערטנער ד ז ש י ם׳ ן
מיט זיין ווייב און זון און גאָט.

נאָר איינמאָל באַנאַכט דערהערט ער
ס׳געשריי פון מ אַ ב אָפן באַרג...
שטייט ער אויף און גייט אָן ווערטער
מיט איילע טריט צום מאַרק.

ווען זיין האַרץ זאָל נאָר קענען רעדן,
וואָלט עס זיכער געזאָגט אַזוי:
— „זע, מען שלעפּט צו לינטשן דיין ט ע ד י ׳ ן
פאַר שענדן אַ ווייסע פרוי!“ —

(די פרוי איז געווען אַ נאַפקע,
און ט ע ד י איז יונג און בלינד,
און דאָס בלוט אין די אָדערן האַווקעט,
ווי הייסע, צערייצטע הינט.)

קוקט ער איין זיך אין שיין, אין בלייכן,
און זעט: — אַ געטעסעטער סלופּ
און אויף אים — אין געריגצלטע הייכן
היינגט זיין ט ע ד י אין טליע-קנופּ.

און אַרום, אין געשטופּלטן דעמער, —
פאַרטאַיעט, פאַרכושט און שטאַר, —
שטייען ווייסע, ווי קאָשערע-לעמער,
און בעטן צו גאָט, דעם האַר.

פאַלט ד ז ש י ם אויף זיין פּאָנים אַנידער
און פ ע ג י — די ט ו י ב נאָך אים.
און עס בעט זיינע ווייסע ברידער
דער אָרעמער, שוואַרצער ד ז ש י ם:

— „האָט זעט: מיינע וואונדן שרייען....
מיינע וואונדן... פון סיוויל וואָר...
איך בעט אייך מיין ט ע ד י ׳ ן באַפרייען,
מיין איינציקן זון, מיין בכאָר!“...

קוקן אַלע פאַרוווירט אַף ד ז ש י מ ׳ ן,
זעען: ס׳לייב זיינס — אַ הוילע וואונד...
אָבער ס׳היינגט שוין אַף לעדערנעם רימען
ט ע ד י — זיין איינציקער זון.

נישט געהאָלפן האָבן אים, אַפּאָנים,
זיינע טפילעס און פּ ע ג י ׳ ס שפּרוך.
האָט ער א י י ב י ׳ ס געטרייע מאַטאָנע
געוואָרפן אין פייער מיט פלוך.

צו שיקן האָט גאָט נישט באַוויליקט
אין צווייגן פאַרפלאָנטערט אַ לאַם —
און ס׳ברענען — אַ ליכטיקער צווילינג —
דער דאָלער און ט ע ד י אין פלאַם.

ווען מ׳האָט דעם צעסמאַליעטן קאָרבן
געשלעפּט איבער מאַרק און שטויב,
איז פון ווייטיק און צאַר געשטאָרבן
פּ ע ג י — זיין שטילע טויב.

און נאָך אייִדער דעם מוילעדים האָרן
איז אַף נאַכטיקן הימל אַרוים,
האָט דז ש י ם שוין געגראָבן צוויי קוואָרים
אין סאָד, באַם צעפלינדערטן הויז.

און מיט סאַם אין די אויגן די ברוינע,
און מיט צאַר אין צעפּאַטלטער באָרד
פאַרלאָזט ער ק ע נ ט אָ ק י ע ר פלויגען
פאַר אַ לעבן פון רויב און מאָרד.

און היים האָט צעגליט זיך און אייביק
זיין סינע צו אַלץ, וואָס איז וויים,
זיין האַס צו דעם אַפּנאַרער א י י ב י,
צום הייליקן ליגנער ק ר י י ס ט.

# ג. ביג-סיטי

דרייסיק יאָר איבער שטעט זיך געטרעפּעט
און געמאָרדעט, גערויבט און געהיים,
און געהאַפּט זיך אַמאָל צו דערשלעפּן
צו זיין ווייטער קענטאַקיער היים.

און געוואַרט אַפן טאָג, דעם געווינטשטן,
דורך די העפּקערע דרייסיק יאָר,
צו באַצאָלן די בלוטיקע לינטשער
פאַר טעדין, זיין אָרימען בכאָר.

און איינמאָל אין צייט פון אַקער
האָט דזשים זיי אָפּגעטאָן:
איבער דעכער האָבן הויך זיך צעפלאַקערט
העלע צינגער פון רויטן האָן.

ס׳האָבן אַלע געוואוסט אין שטעטל,
(אָבער וואָס איז געווען די נוץ!)
אַז דזשים האָט געמאַכט זיי פאַר בעטלער
און פאַרברענט זייער האָב-און-גוטס.

און מיט יאָרן, מיט יאָרן שפּעטער
איז דער אַלטער סלימי וועיל
פון דער איםט געקומען אין שטעטל
און מיט פרייד זייגע ברידער דערציילט:

— „אין ניו-יאָרק, אין דער ראַשיקער סיטי,
האָב געזען דעם בראַון דזשים.
ער האָט דאָרטן זיין דזשירבי פאַרביטן
אַף אַ הוט מיט אַ ברייטן ברים.

— „ער כאַוועדט זיך דאָרט מיט אַלעם:
מיט געננסטערס און מיט פּאָליציי —
אין נאַכט-קלובן פון שוואַרצן האַרלעם,
אין קאַפעען פון ווייסן בראָדוויי“ . . . —

האָבן נעגערס די קעפּ געשאָקלט
צו די רייד פון אַלטן סלים —
און שטאָלץ איז געווען קענטאַקי
מיט איר בראַון, איר שוואַרצן דזשים.

# ד. אין שפּיטאָל

ס'רינען יאָרן, ווי טראָפּנס, ווי קאָרגע,
פון צייטס צעלעכערטע געפעס.
ס'האָט ד ז ש י ם געריבט און געהאָרגעט
און נאָך אַלץ געוואָרט אַף אַ נעם.

איצטער ליגט ער געלעמט אַפן בעטל
אין שטאָטישן היים-שפּיטאָל
און ער כאָלעמט פון וויטן שטעטל
צום לעצטן, צום ל ע צ ט ן מאָל.

זיינע אַשיקע האָר זיך קרייזלען
אַפן קאָפּ, ווי אַ קאָרן-סטויג,
און עס שטאָרן די געלע וויסלען
אין דעם טרעריקן, בלינדן אויג.

און עס דוכט אים: אין אַלע ווינקלען
שטייען גרייט, שטייען שטום און גרייט,
ד ז ש י ז ו ס ק ר י י ס ט און א י י ב י ל י נ ק אָ ל ן
אים צו נעמען אין אָרעמס פון טויט.

און זיי קומען אַלץ נענטער צום נעגער
און זיי שטרעקן די הענט צו אים.
און עס וואָרפט זיך אַף זיין געלעגער
און עס ווערט זיך דער אַלטער ד ז ש י ם.

קוקט ער ל י נ ק אָ ל ן' גלייך אין פּאָנים
און שטשירעט די וויסע ציין.
ווען ער האָט איצטער יענעמס מאָטאָנע,
וואָרפט ער אים, ווי אַ הונט — אַ ביין.

אָבער גאָט האָט אים דאָן נישט באַוויליקט
דורך אַ נעם צו שיקן אַ לאָם —
און ס'האָבן געברענט, ווי אַ צווילינג,
דער ד אָ ל ע ר און ט ע ד י אין פלאַם.

פארשטשעמעט ער בייז די ליפּן
און טוט זיך פון בעטל אַ הויב:
זעט ער ט ע ד י ׳ ן מיט בראַנדיקע ריפּן
און פ ע ג י — זיין שטילע טויב.

און די קאַשערע ו ו י י ם ע ברידער
בעטן צו גאָט, דעם האַר.
פאלט ער צוריק אַ מידער
מיט אויגן פאַרגלייזט און שטאַר.

שמעלצן טעג זיך, ווי אייזיקע טראָפּנס
פאַר דער זון, וואָס איז הייס און העל.
שטייען ד ז ש י ז ו ם און א י י ב צוקאָפּנס
און מאַנען זיין זינדיקע זעל.

שטייען וואך און היטן דעם קאָרבן,
און יעדער די זינד זייגע מעסט.
ס'וואָלט ד ז ש י ם שוין פון לאַנג געשטאָרבן,
איז ווארט ער נאָך אַלץ אַף אַ נעס.

און פלוצים, ווי פון ק א ף - ה א ק א ל ע,
אַ צייכן ער זעט אין דער נאַכט:
די לעזוואָנע — אַ זילבערנער דאַלער —
שטייט פון יענער זייט פענצטער און לאַכט.

שטרעקט ער אוים פון אונטערן ליילעך
אַ מאָגערע האַנט — צום ליכט,
רייסט פון הימל דעם זילבערנעם קיילעך
און ווארט אים אין א י י ב י ׳ ם געזיכט.

ווערט פינצטער אין אַלע ווינקלען
און שטום ליגט ד ז ש י ם און מיד...
און ד ז ש י ז ו ם מיט א י י ב י ל י נ ק א ל ן
פאַרגייען מיט ברויגעזע טריט.



ד.

# אונדזער דאָר

(רעוואָלוציאָנערע מיסטעריע)

1930

[ליכט און ברויט]

## באַמערקונג

די רעוואָלוציאָנערע מיסטעריע „אונדזער דאָר" איז פֿאַרטראַכט געוואָרן נאָך אין יאָר 1917, אין סאַמע ברען פֿון די אָקטיאַבער־טעג, אין מאָסקווע.

אין אויגוסט 1918 האָב איך אונטער מיין פֿען־נאָמען, ל. גרעבניעוו, אָפּגעדרוקט אַ פֿראַגמענט פֿון דער פּאָעמע „קוזנעץ" (דער קאָוואַל), [redacted] וועלכן איך ברייננ דאָ אין אָריגינאַל מיט אַ פֿרייער איבערזעצונג אין אידיש.

אין רוסלאַנד האָב איך שוין מער נישט באַוויזן צוריקצוקערן זיך צו דער פּאָעמע, ווייל די רעוואָלוציע און בירגער־קריג האָבן מיך געוואָרפֿן פֿון איין עק צעבויטעטן לאַנד צום צווייטן.

אין די וואַנדער־יאָרן און שפּעטער, אין אַמעריקע האָב איך אַלץ געהאָפֿט זיך אומצוקערן צו דער מיסטעריע פֿון דעם ש מ י ד, וואָס קאָוועט אין די הײלן פֿון דער וועלט אַ דאָר נאָך אַ דאָר אַף טויט און אַף אומקום, ביז ער ווערט באַזיגט פֿון דעם נייעם, קעמפֿערישן דאָר — א ו נ ד ז ע ר ד אָ ר.

ערשט מיט צוועלף יאָר שפּעטער, אין 1930, איז מיר באַשערט געווען אָנצושרייבן די גאַנצע מיסטעריע, א י ן א י ד י ש.

איך האַלט, אַז די אידייע פֿון דער מיסטעריע „אונדזער דאָר" איז די צענטראַלע אַקס, אַרום וועלכע דער גאַנצער סאָציאַלער עצעם און קינסטלערישער מעהוס פֿון אונדזער צייט באַוועגן זיך. די טעמע איז א צו ברענענדיקע און לאָקנדיקע — און איך האָף נאָך נישט איינמאָל זיך אומקערן צו איר.

ל. פּ.

## КУЗНЕЦ.

**(Отрывок из поэмы)**

Кузнец времен, пещерный Гений,
Ты трижды победивший Рок,
Зачем извечность поколений
На смерть и гибель ты обрек?..

Наш род воспрял! Вчера погибли,
А Завтра мы куем, как сталь,
Чтоб в хартии грядущих библий
Вписать бессмертную скрижаль.

Промчась свирепым ураганом
По черному лицу земли,
Европу превратим в курганы,
Америку в огне спалим.

И сотворив набег наш верный
Гиперборейскою ордой,
Кузнец времен, из недр пещерных
Мы вырвем огнь твой заревой!..

**Москва, 1918.**

## דער קאָוואַל

(פראַגמענט פון א פאעמע)

אָ, קאָוואַל פון צייטן, אָ, גייסט פון היילן,
דו, וואָס האָסט דריימאָל באַזיגט דעם גורל,
צואוואָס האָסטו די אייביקייט פון דורעס
אַף אומקום פאַרמישפּעט און אַף טויט?...

אונדזער דאָר איז דאָ. די נעכטנס זענען באַזיגט,
און די מאָרגנס שמידן מיר, ווי שטאָל,
אַז אַף פאַרמעטן פון קינפטיקע ביבלס
זאָלן מיר אַריינשרייבן אַ נייעם בלאַט.

און פליענדיק, ווי בייזע אוראַגאַנען
איבערן שוואַרצן פּאָנים פון דער ערד,
וועלן מיר אייראָפּע פאַרוואַנדלען אין קורגאַנען
און פאַרצערן אַמעריקע אין פלאַם.

און נאָכן גרויסן, וויכערדיקן פלינדער,
ווי האָרדעס סקיטישע, אין ווילד־געיעג, —
אָ, קאָוואַל פון צייטן, דיין העליש פייער
וועלן מיר אַרויסרייסן פון טיפסטער הייל!...

מאָסקווע, 1918

## א. האַריי כוישעד

די אור-רו קלינגט אין אויערן פון באַרג
און עכאָס קייקלען זיך אַף פלאַך פון טאָלן.
ווער האָט צעשטויבט די מאָסן און די צאָלן,
אין בויך פון נאַכט צעשאָטן שטערנוואַרג?

די אומרו הייַנגט אַף הוידנדיקע שאָלן
אַריבער וועלטס געפּאַלדעוועטן קאַרק.
און ס'גליווערט ערד אין גויסעסן לעטאַרג
אַף לייַנג-און-ברייט פון אייביק-ווייסע פאָלן.

דאָס האַרץ פון וועלט קלאַפּט שלאַבעריק און שטיל,
און פּוסט איז רוים, ווי אַ פּאַרלאָזטע מיל,
און טרויעריק, ווי אַ געמיינער אָוול.

און שטאָליק-בלאַנק און שאַרף, ווי אַ סטילעט,
אין הימל צינדט פינפעקיקער קאָמעט
די לעצטע שאָ דעם פייערדיקן קאַוואַל.

# ב. דער פייערדיקער קאָוואַל

(אַ פאַרזיגלטער טויער, וואָס פירט צו אַ הייל אין די האָריוו־כווישער. פון דער טיפעניש פון הייל הערט זיך דאָס קלאַפּן פון האַמער אָן אײַזן. לאַנגע פּאַס־מעס שטראַלן פאָרמירן אַ זייל פון ליכט, וואָס רייסט זיך דורך די שפּאַרעס פון דעם פאַרזיגלטן אַריינגאַנג אין הייל. די כאַשכעס רינט גראַדנווייז אויס, ווי וואַסער דורך אַ צעלעכערטער זיפּ).

די שטים פון פייערדיקן קאָוואַל (שטייגט מיטן קלאַפּן פון האַמער):

ס'ליגט דער אַלטער דאָר דאָ טויט
און גאַווערט, ווי אַ פאַדלע.
באַלד וועט זיין אַ נייער גרייט
אַף שטיינערנער קאָוואַדלע.

שפּריצן פונקען, רויט און הייס,
ווי פייערדיקע ווערים,
רייסט דער האַמער אַרץ אַרויס
פון באַרגיקע געדערים.

פליסט אין אָדערן, ווי ראָר,
ס'בלוט ווי רויטע שלאַנגען, —
שמיד איך דאָ אַ נייעם דאָר
מיט פייערדיקע צוואַנגען.

וועט דער נייער דאָר פון וויג
זיין געשאַרפט אַף פּרואווּשטיין,
אַנגעשפּאַרט מיט קאָפּ אָן קריג,
מיט די פיס אָן אופשטאַנד.

וועט ער זיין אַ דראָט־געוועב
צווישן זייד־געוועבן,
אַנגעקניפּט מיט לייב־און־לעב
אָן לעבעדיקן לעבן.

כ'וועל אים אויסקנעטן פון ערד
און פורעמען אין פלאַמען, —
עפּשער וועט אים זיין באַשערט
אופרייסן די צאַמען?...

עפשער וועט דער נייער דאָר
עפ'נען דעם אַריינגאַנג ?
עפשער וועט ער זיגן פאָרט
אין אייביקן געראַנגל ?

עפשער וועט ער ס'הימלראָד
אַ דריי טאָן אין די רוימען
און דערוויסן זיך דעם סאָד
פון כ אָ ל ו ש — אַ ט י ק י ו י מ י ן ?

נישט אומזיסט וועט זיין די מי,
דער פּאַכעד און בעהאָלע, —
כ'שפּיר, נישט לאַנג וועט שוין דער ש מ י ד
האַלטן די מעמשאָלע . . .

— — — — — — — — — — — — — —

(ד י ש ט י ם פ ו ן ה י י ל ווערט פּלוצים אָפּגעהאַקט צוזאַמען מיטן קלאַפּן פון האַמער).

# ג. מ י מ אַ מ אַ ק י ם

(די כאַשכעס ווערט שיטערער. ערגעץ טיף אין טאָל רודערט זיך, ווי פאַר־זשאַווערטע קייטן וואָלטן זיך געריבן אָן שטיין. עס דערטראָגט זיך אַ ש ט י ם פ ו ן ט אָ ל).

ד י ש ט י ם פ ו ן ט אָ ל:

אָנגעצויגן שטאַר און קווער
מיט פייערדיקע צוואַנגען,
רונד־אַרום דער קיילעך־ערד
הייגגט אַ דאָר אַף שטאַנגען.

ס'איז אים פרעמד געווען די שרעק,
די פּכאָדים פאַרן סוינע, —
האָבן פירער אים, ווי בעק,
געטריבן צו דער בוינע.

בלוטיקט איצט אַ גאַנצער דאָר,
צוגעוואוינט צו האָרכן,
גלאָצט אין שיקלדיקער וואָר,
אין גסיסעדיקן כאָרכל.

ס'איז דער פירער זאַט פון מאַכט,
טראַציק, בעגילופין, —
שפאַנט אַ דאָר דורך בייזער נאַכט,
וואַך אַף אַלע רופן.

שפאַנט דורך מידבער, יאַם און ווינט,
שפאַנט דורך שניי און קרירע.
ו ו ע ר פאַרלירט דאָ, ו ו ע ר געווינט? —
ט ו י ט איז זייער פירער.

פאַלט און גויסעסט, שרייט און ברויזט
אַ דאָר אַף באַריקאַדן.
שמידט הער ק אַ ו ו אַ ל נייע אוים,
ליכטיקע בריגאַדן.

טרייסלט ערד זיך אין ווילקיר,
טרויערט ווי אַן אָול.
— כ'וועל נאָך מעסטן זיך מיט דיר,
פייערדיקער ק אָ ו ו אַ ל! —

(ד י ש ט י ם פ ו ן ט אָ ל האָקט זיך אָפּ מיט אַ הייזעריקן געבראָזג).

# ד. אָפּפּאַל

(דער אָפּפּאַל־פּלאַץ אין די האָריי־כּוישעך. גרויע בערג, ווי רונדע פּליכעס, רינגלען אַרום דעם אָפּפּאַל־פּלאַץ און פאָרמירן אַ הויכע פּיראַמידע פון מיסט, וואָס פאַרענדיקט זיך ביים שפּיץ מיט אַ טעראַסע, ווי אַ באַלעמער.

אין הינטערגרונט פון באַלעמער שטאָנט זיך דאָס ריזיקע געשטאַלט פון ט אַ ל י ע ן מיט אַן אופגעהויבענער האַק).

אפן באַלעמער באַווייזט זיך ד ע ר פ א ר ר ע ט ע ר:

טאַליען, אַ טאַליען, נישט שאַרף דיין געווער.
ס׳לויפן נאָך שאָטנס אַף נאַכטיקער ערד.

טיף איז דער כּוישעך — און ווייט נאָך ביז טאָג.
ס׳הייגט נאָך מיין לעבן אַף גרויזאַמער וואָג.

פינצטערער טאַליען פון בראָכיקן לאַנד,
האַלט נאָך דיין שווערע, דיין קנאָכיקע האַנט.

ס׳שניידט נאָך דער מוילעד — אַ ליכטיקער סערפּ —
זילבערנע זאַנגען אין לעוואָניקע קערב.

טאַליען, אַ טאַליען, אַוועק פון מיין טיר,
ס׳האָט זיך יונג-לעבן צעבויטעט אין מיר.

ס׳זענען נישט פול נאָך די מאָסן פון זינד.
ס׳וואַרט נאָך אין אַנגסטן מיין ווייב און מיין קינד.

פינצטערער טאַליען מיט שראָם אַפן באַק,
שאַרף נישט, אַ שאַרף נישט דיין שטומפּיקע האַק.

האַלט נאָך, פאַרהאַלט נאָך מיין אייליקן טויט —
ס׳איז נאָך מיין קאָפּ פאַר דער פלאַכע נישט גרייט.

טאַליען, אַ טאַליען מיט שפּיציקן האָרב,
פלעכט נישט, אַ פלעכט נישט דעם שטרויענעם קאָרב.

ס׳דרימלען נאָך פייגל פון יענער זייט וואַנט,
ס׳שלאָפט נאָך דער וועכטער מיט שליסל אין האַנט.

פינצטערער טאַליען מיט פלאַמיקער באָרד,
ס'איז נישט געשפּילט נאָך די גרויזאַמע קאָרט.

ס'יערט נאָך די האָפנונג אָף ליכטיקן סאָף:
שווער איז די שולד, אָבער שווערער די שטראָף!

טאַליען, אַ טאַליען מיט העמד ווי קאַרמין,
ס'נעגט שוין דער מאָרגן מיט גאָלד און מיט גין.

ברייננ מיך אָף ברעטיקער פלאַכע — און וואַרף:
זינדיקן קאָרבן אָף גליאיקער שאַרף.

פינצטערער טאַליען מיט האַריקע הענט,
קום און פאַרפייניק, געגען און פאַרלענד:

אוף און אַראָפּ — און אַרויף — און אַראָפּ —
קום און דערלייז מיין פאַרלוירענעם קאָפּ.

(דעם טאַליענס האַק פאַלט אפן פאַררעטערס קאָפּ, וואָס קייקלט זיך הילכיק אַרונטער אין מיסט).

(אפן באַלעמער באַווייזט זיך ד ע ר ו ו א ק ל ע ר):

אָף ווען עמען זאָל איך הויבן מיין רעכטע האַנט,
אַז אָף אַלעמען זידט דאָס בלוט פון מיינע ברידער?
אָף ווען עמען זאָל איך הויבן מיין לינקע האַנט,
אַז געלעמט און געשענדט זענען אַלעמענס גלידער?

און וואוהין זאָל איך שטעלן מיין ערשטן טראָט,
אַז געקרייצט און געצאָמט זענען אַלע וועגן?
און וואוהין זאָל איך שטעלן מיין לעצטן טראָט,
אַז די ערד האָט פאַרשלונגען דעם הימלס ברעגן?

און ווען עמען זאָל איך שטראָפן מיט דער האַרבסטער שטראָף,
אַז אַלע זענען קנעכט און ליידן געדולדיק?
און ווען עמען זאָל איך שטראָפן מיט דער לייכטסטער שטראָף,
אַז קיינער איז נישט ריין און אַלע זענען שולדיק?

און פאַר וועמען זאָל איך ווייזן מיין ליכטיק געזיכט,
אַז פאַרבעלמעט און בלינד זענען אַלעמענס אויגן ?
און פאַר וועמען זאָל איך ווייזן מיין סומנע געזיכט,
אַז די זון האָט באַ אַלעמען די שיין אויסגעזויגן ?

און צוואָוואָס זאָל איך לייטערן מיין זינדיקן גוף,
אַז די טאַיווע פאַרצערט מיך אַלץ שטאַרקער און בייזער ?
און צוואָוואָס זאָל איך פייניקן מיין זינדיקן גוף,
אַז סיי־ווי וועט נישט קומען דער געגאַרטער דערלייזער ?

איז ווער וועט אונדז ברייננגען דאָס הייליקע וואָרט,
אַז דער נאָווי איז זינדיק, ווי אַלע זינדער ?
און ווער וועט אונדז ברייננגען דאָס פּאַשעטע וואָרט,
אַ קיינער וועט נישט בלייבן נאָכן גרויסן פלינדער ?

(דעם טאַליענס האַק פאַלט אַף זיין קאָפּ ווי א דונער, און דער וואַקלער פאַלט ווי א פייגער אַפן הויפן מיסט).

(עס הינקט אריין ד ע ר ד ע ז ע ר ט י ר ):

— „ס'איז יאָנטעוו היינט, ס'איז ווידער רויטער יאָנטעוו
און ס'הילכט די וועלט פון יובלדיקן טראָט.
דער שאָל איז היים — און ס'רופן נייע פראָנטן
אַף שטרייט און זיג, אַף אופשטאַנד און געראָט.

ס'איז יאָנטעוו היינט און ס'שפּאַנען באַטאַליאָנען
מיט העל־דערהויבענע, צעבליטע קעפּ.
און איבער זיי דער גלי פון רויטע פאַנען
מיט הייסע רופן : „נידער !“ און „עס לעב !“ —

ס'איז יאָנטעוו היינט — און איך אַליין בלויז פעל נאָר
אין רייען שטורמישע. נאָר ס'האַרץ איז אַלץ מיט זיי.
כאַווייירים, מיטלייד מיט אַן אַלטן זעלנער,
וואָס איז אַנטלאָפן פון דער ריי.

(לאָזט זיך אַרונטערהינקן פון באַלעמער, אָבער באַ דער ערשטער טרעפּ ווערט ער פאַרצערט פון טאַליענס אַרונטערגעפאַלענער האַק).

(פון הינטערן מיסטהויפן קריכט אַרויס אַ פאַרזעעניש—ד ע ר ט ו מ ט ע ם און שטעלט זיך אַוועק אונטערן טאַליענס האַק):

פאַרשאָלטן איז דאָס בלוט, דאָס טוכלע בלוט וואָס רינט
אין טומטעמס אָדערן, פאַרסאַמט און קאַלט און טאָמע.
ווער וועט מיר נאָכזאָגן דעם ווייטיקדיקן „אָמיין",
ווען ס'לעבן וועט פאַרגיין דורך לעצטן לאַבירינט?

אין מיינע לענדן וויינט דער אויסגעצערטער זאָמען,
וואָס קען נישט זעטיקן די מוטער פון מיין קינד.
ווער וועט מיך אויסלייזן פון אַלע מיינע זינד
און טראָגן איבער וועלט דעם זייכער פון מיין נאָמען.

די באַקן פאַרמעט־געל, די ליפּן — קויל־פאַרברענט.
דאָס פּאָנים איינגעשרומפּט, דאָס קאַלטע האַרץ פאַרזיגלט.
די אויגן וואַסערדיק און שלאָבעריק די הענט.
דער אויסגעשעפּטער גוף — ווי ראַנדן־שאַרף פון שפּיגל.

אָ, בליקן הילפלאָזע, געקרייציקטע אַף ווענט!
אָ, שטומע פיין פון הענט, ווי אָפּגעדאַרטע פליגל!

(שטאַרט אין לײדיקן כאָלעל מיט אויסגעלאָשענע אויגן. לאַנגזאַם נידערט דעם טאַליענס האַק און פאַרטיליקט זיין מעגושעמדיקן קאָפּ, וואָס קייקלט זיך, ווי טרוקענע שרויט, אַפן הויפן מיסט).

(עס באַווייזט זיך ד ע ר ר ו י ט ע ר פ אַ י אַ ץ, רייטנדיק אַף אַ ציג, אין א רויט מיצל אַף אַ גרויסן, געשוואָלענעם קירבעס־קאָפּ. אָנגעטאָן איז ער אין אַ מאָדנעם גאַרניטער, וואָס באַשטייט פון האַלב־קליידל און האַלב־הייזן, וועלכע קוקן אַרויס פון אונטער אַן אַלטער, צעפּאַסעוועטער פעלערינע. אין אויג באַ אים שטעקט אַ פאַרביקער מאָנאָקל. אין איין האַנט האַלט ער אַ פויק, אין דער צווייטער אַ מעשענע טאַץ, מיט וועלכער ער דזשינדזשעט צו אין טאַקט פון זיינע רייד. ער פאָרט אַרויף, רייטנדיק אַף דער ציג, אַפן סאַמע שפּיץ פון באַלעמער און צעוויגט זיין מעשונעדיקן גוף, ווי אַ כוילע־נויפל):

— „קומט אַלע צו מיר, קומט אַלע, קומט,
ווער ס'איז קרעציק און מיעס און ברודיק.
אַף דער מ י ט פון דער וועלט, אינם פוסטן אַרום
וועל איך פּראַווען די רויטע סודע.

— „ס'איז ביטער מיין דאַליע און שווער מיין לוין
און זויער איז מיין וועלט, ווי ציליסטאַרטער.
נאָר זים איז דער ווייטיק פון דערנער־קרוין —
און גרינג איז דער יאָך פון מאַרטער.

— „אַ כאַלעש בין איך מיט אַ האַרץ אַ קראַנקס,
אַ יאַסעם, אַן אַפּגעריסענער.
דערלאַנג מיר, רעוואָלוציע, דעם פויגל־געטראַנק
אין אַ גאָלדן לעוואָנע־שיסעלע!

— „מיר איז אַלציינס: אַ שיקסל, אַ מויד, —
אַבי אַ פּאָר קורווישע ליטוקעס...
כ'האָב ליב צו שיסן מיט ווערטער, ווי שרויט
אין באַלאַגאַנישער צידקעס.

— „ווי זאָגט דאָרט מיין ברודער, דער האָריקער אָף:
— „דער מענטש איז אַ כאַיע אַ שפּעטנע!" —
אַך, מאַמעלע־רעוואָלוציע, באַפריי דיין שקלאַף
און מאַך אים אַ נייעם לעטניק!

— „אַ, אַרבעטער־ברודער, אַ, כאַווער אין פּיין,
מיין קאָל איז פון דיינס בלויז אַן עכאָ...
די גאָרגלען, ווי פליִיטן, צו דער רויטער שיין:
י־ע־י־וואַ־רע־כע־כאַ!... —

(בשעת דער פּאַיאַץ האַלט אין ציקלען זיך, באַווייזט זיך דער יונגער זעלנער, וואָס קומט פון יענער זייט באַרג. ער בלייבט שטיין אַ ווייל, באַטראַכט דעם פּאַיאַץ און לאָזט זיך גיין צו אים מיטן פּאַראויס־געשטרעקטן באַיאָנעט):

— „אַך, דאָס ביזטו גאָר, וואָס שפּילט דאָ קלאַרענעט
און שטערט דאָס געפּעכט אונדז, ברודערל?
דו וויש בעסער אָפּ דאָ פון מיין באַיאָנעט
דאָס בלוט אַן די פּאַרביקע פלודערן.

— „מיר שטרייטן דאָרט אַלע ביזן לעצטן זיג
מיט לעבנס, ווי אַרבל, פּאַרקאַשערט, —
און דו פּאָרסט דאָ נאַשפּיץ אָף אַ רויטער ציג
און ציקלסט זיך, ווי אַ באַל־דאַרשן.

— „אַז ביזט שוין אין ווייטן, אין זיכערן ט י ל
פון שלאַכטן פון הייסע אַנטלאָפן, —
איז דריי נישט די צונג, ווי אַ ווינטיקע מיל,
נאָר שמיד כאָטש פאַר אונדז די וואָפן!“ —

(ד ע ר י ו נ ג ע ר ז ע ל נ ע ר טוט אַ הויב ד ע ם פ אַ י אַ ץ אַף זיין באַיאָנעט און שליידערט אים אָפּ פון זיך. דער פּאַיאַץ פאַלט אָפּן הויפן מיסט, ווי אַ דורכגעלעכערטער קירבעס. די רויטע ציג בלייבט שטיין אין פאַרגליווערטער וואָך איבער דעם צעלעכערטן פּיגער).

(עס באַווייזט זיך ד ע ר ק אַ ר ל י ק מיט אַ לאַנגען בעזים):

עס הוידעט זיך אַ בריק
צווישן בערג און טהוימען:
פון פעלז צו פעלז אַ שטריק —
דאָרט וויגט זיך אַ ט י ק - י ו י מ י ן.

ר'האָט קיינעם נאָך ביז איצט
זיין פּאָנים נישט באַוויזן:
מע זאָגט — זיין הויך איז פלאַם,
זיין בליק — צעגליטע שפּיזן.

נאָר ווער וואָלט זיך געגלויבט,
אַז ער, דעם הימלס טאַטע,
זאָל ליידן מיט די פּיס
אַף פּאַשעטע רומאַטעס?...

מוז איך יעדן טאָג,
ווי ס'זאָל מיר נישט דערעסן,
צו זיינע קאַלטע פיס
לייגן זון־קאָמפּרעסן.

און אַז סע כאַפּט אים אָן
אַזוי אינמיטן דרינען
דער ווייטיק אין די פיס, —
איז מעגט איר מיר פאַרגינען!

צעשליידערט ער אין קאַאָס
די וועלטן, ווי באַלונען,
און לעשט אין הימלען אויס
אַלע זיבן זונען.

ווערט פינצטער אַף דער וועלט
און מוירעדיק און גרויליק,
און סראַפים פּרעפּלען פרום:
— „הייליק! הייליק! הייליק!"... —

די הימלען ווערן בליי,
די בערג, ווי קרייד, זיך קרישלען,
און ס'פּלאָנטן זיך אין רוים
די דונערדיקע דישלען.

און וועלטן עקן זיך,
און ס'פליען מעטעאָרן —
פונקען פון זיין קאַאָס,
פלאַמען פון זיין צאָרן.
כאַ - כאַ - כאַ! . . .

(קוקט זיך אַרום און קערט ווייטער מיט גרויס אימפּעט):

אַף פליכנדיקן פעלז,
אַף שטיינערנעם געלעגער
איז ערשט געווען אַ מענטש
און שוין — אַ בלאַסער פיגער.

פאַלט איינער מיט אַ טרער,
דער צווייטער — מיט אַ שמייכל —
און ס'לעכערט דער געשטאַנק
דעם הימלס העכסטן הייכל.

זאַפט ער איין דעם רייאַך
פון מענטשישער נעווילע, —
שטילט זיך איין זיין קאַאָס,
ווערט ער ווידער פריילאַך.

לאָזט אים נאָך די פּיין,
פילט ער זיך געזעגנען . . .
קער־זשע גיכער, קער,
מיין געטרייער בעזים! . . .

(קערט אַרויף די געפאַלענע פּעגאַרים אַפן הויפן מיסט. דער טויטער פּאַיאַץ בלייבט ליגן אַפן סאַמע שפּיץ פון מיסטהויפן מיט פאַרגלייזטע אויגן צו די בלייערנע הימלען).

# ה. דער וואַנדערער

(געדיכטער נעפּל איבער די האָרײי־כווישעך. פון הינטערן באַרג שלייכט זיך אַרוים די אײַנגעהויקערטע פיגור פון וואַנדערער מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס. דער וואַנדערער לייגט צו די האַנט צו די אויגן, ווי ער וואָלט געזען עפּעס אַ גרויס ליכט, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן און זעצט זיך צו אויף אַ פעלז.

וועז־נישט־וועז דערטראָגט זיך אַ פאַרדומפּענער געהילך פון די געדערים פון באַרג).

דער וואַנדערער:

ס'איז פאַרכטיק אַזוי דאָ און סומנע און שטיל,
ווי ערעוו מײַסע־בערײַשים.
ווער האָט דאָ פאַרכאַסמעט די זוניקע מיל,
פאַרשלאָסן די הימלישע דײַזשעס?

מײַן פּלייצע איז קרום און מײַן הויקער איז שווער,
נאָר כ'וויל נישט קיין גורל קיין אַנדערן.
ווײַל אַזוי איז פון דאָר ביזקל דאָר מיר באַשערט
איבער נאַקעטער ערד צו וואַנדערן.

אַזוי איז געוועזן פון יאָר ביז יאָר,
אַזוי וועט עס בלײַבן, בען־אָדעם:
דער קאָוואַל וועט שמידן אַ דאָר נאָך אַ דאָר
אויף טויט און אויף פכאָדים.

און מעכטיק וועט זײַן זײַן געפּאַנצערטער קלעם
און גליאיק זײַן אָטעם,
און קלינגען וועט פאַרכטיק זײַן גרויזאַמער שעם
צווישן מענטשישע שוואָטים.

און טראַמפּלען וועט וועלטן זײַן קראַכיקער טראָט
צווישן ווילדע און דולע —
נאָר נישט איים וועט באַשערט זײַן אַנטפּלעקן דעם סאָד
און ברענגען די גאולע.

נישט ער וועט באַזיגן די קלאָלע פון טויט, —
נישט ער, נישט זײַן זון, נישט זײַן איינ יק.
זײַן שליכעס איז בלויז: פון דעם אָפּפאַל און קויט
צו האָבן די וועלט גערייניקט.

זיין גורל איז בלויז צו צעבויטן די צונג
פון זשאַווער־פאַרשטומטע גלאָקן,
צו זיין בלויז דער ה ע מ ש ע ך, דער גליאיקער ר ו נ ג,
די מ י ט, די ה אַ פ ס אָ ק ע.

און ווידער צום טויט וועט געשמידט זיין אַ דאָר, —
פאַרן קנופיקן לעבן אָרעוו, —
און ווידער וועט שטאַרבן אַף ראַנדן פון וואָר
אַ דאָר וואָס איז כאָרעוו.

אַזוי וועט עס בלייבן אַזוי וועט עס זיין,
אַזוי איז געווען פון קאַדמוינים:
ס'וועט שוין זיין ו ו ע ר ס'זאָל פירן דאָר־אוים און דאָר־איין
צו דער בלוטיקער בוינע.

ס'וועט שוין זיין ו ו ע ר ס'זאָל גיין, ווי געפּענטעטע פּי
אָן ראָצן, אָן לאָשן.
ס'וועט שוין זיין ו ו ע ם צו טרייבן פון שפּעט און ביז פרי
איבער יאַם און יאַבאָשע.

ס'וועט שוין זיין ו ו ע ר ס'זאָל ציילן אַ יאָר נאָך אַ יאָר —
ס'זאָל אים פעלן אַ האָר ניט.
ס'וועט שוין זיין ו ו ע ר ס'זאָל פירן אַ דאָר נאָך אַ דאָר
צו דעם נ אַ ק ע ט ן ג אָ ר נ י ט ! —

(דער ו ו אַ נ ד ע ר ע ר בלייבט אַ ווילע זיצן, ווי צוגעפּגעוואַקסן מיטן פעלז. ער הויבט זיך פּאַמעלאַך אויף, לייגט ווידער צו די האַנט צו די אויגן און קוקט זיך אַרום אַף אַלע זייטן.

ווען דער ערשטער דונער־קנאַל באַפאַלט די באַרג־שפּיצן, שלייכט דעם ו ו אַ נ ד ע ר ע ר ס הויקער פאַרביי און פאַרשווינדט צווישן די מעשופּעדיקע היגלען).

# ו. פּראָצעסיעס

(שווערע וואָלקנס, ווי מעשונעדיקע כאַיעס, שוועבן איבער די האָריזאָנט. בליצן צערייסן די הימלען. דונערן הודיען ווי מעכטיקע עכאָס אין די געדעריש פון באַרג.

איידער ס'אויג קען נאָך אופנעמען דאָס אַרומיקע, דאַכט זיך, אַז נישט קיין לעבעדיקע באַשעפעניש באַוועגן זיך, נאָר ווי ריזיקע שטיקער באַרג וואָלטן פלוצים זיך גערירט פון אָרט און אָנגענומען די פאָרמען פון קאָלערליי אויסטערלישע וועזנס.

ביסלאַכווייז אָבער שיילן זיך פון כאַאָס און כווישעך ארויס סומנע געשטאַלטן פון פּ ר אָ צ ע ס י ע ס, וואָס באַווייזן זיך פון פאַרשיידענע באַרג־דורכגייונג, מאַרשירן פאַרביי און פאַרשווינדן, באַגלייט פון דונער־קנאַלן און בליץ־שלאַנגען.

אַ זיגזאַגישער בליץ באַלייכט אַ שטיק הימל און עס טויכט אויף די פּ ר אָ צ ע ס י ע פ ו ן ד י ג ע פ אַ ל ע נ ע א י ן ש ל אַ כ ט. דער גאַנג פון דער פּ ר אָ צ ע ס י ע הילכט צווישן די בערג ווי דאָס קלאַפּן פון טרוקענע ביינער) :

נישט געדרימלט —
האַלט די וואַך!
היים איז הימל
איבער שלאַכט.

גרויזאַם זון איז
איבער סטעפּ.
קוילן־סטרונעס
איבער קעפּ.

זון און קרירע,
בלוט אַף שטיין.
ס'הייסט דער פּ י ר ע ר
מוז מען גיין.

זון און היפּע,
פרייד און קאַאָס.
זודיק שיפּעס
שלאַנג פון האַס.

בליען סטעפּן,
העל ווי מאַן.
ווינטן טרעפן
רויטע פאָן.

שניי און זשאַוואָר,
בלוט און קויט.
ריר זיך, כאַוועף —
טויט צי רויט!

פיין פון אָנהויב,
לעצטע פרייד,
טויט — דער מאַנער —
שטייט שוין גרייט.

לעצטער צאַפּל,
לעצטער שטרעק —
וואַקסט און שטאַפּלט
שוואַרצע שרעק.

שניי. געוויטער.
שטערן־צווים.
טויט — דער שניטער —
איז שוין מיד.

גוף און אייוועד
אָפּגעטיילט.
אונדזער קייווער —
נאַכט און הייל.

שטומע נולן
אין געפעכט.
ו ו ע ר איז שולדיק,
ו ו ע ר גערעכט?

שווער צו וועבן
שאנד צי רום.
ס'יונגע לעבן
קערט אונדז אום! —

(פון אלע בארג־לעכער קריכן ארויס הויקערס, לאמע, בלינדע, הינקנדיקע און קרעציקע און פארמירן א פ ר אָ צ ע ס י ע פ ו ן ב ע ט ל ע ר. זיי שלייכן פארביי מיט געבויגענע רוקנס און דאָס קלאפן פון זייערע שטעקנס און קוליעס קלינגט אין די אויערן פון בארג, ווי דער געבראַזג פון טויטע ביינער. אין סאמע מיטן פון דער פראָצעסיע וואַקסט אויס דער בלינדער פאָטער מיט זיין לאָמען זון אַף די אַקסלען):

אין טעג אין געשענדטע, אין טעג אַזוינע
ווער איז מיין כאַווער און ווער איז מיין סוינע, —
פאָטער?

— דיין כאַווער איז דער, ווער אַף גאַס און אַף בריק
באַגעגנט האָט סוינע מיט קויל און מיט ביקס.

— און דער איז דיין פיינט, ווער אין בלוטיקן וואַן
דערלאַנגט האָט דעם מערדער די קרעציקע האַנט, —
קינד מיינס!

אין נעכט פון בעהאָלע, אין נעכט פון מעהומע
ווער טומלט, ווער יובלט אַף וועגן, אַף קרומע, —
פאָטער?

— זאָל בילן דער קויפער, דער הענדלער, דער נאַר —
ס'איז פלוך זייער אוינעש און האַס זייער סכאַר.

— זאָל יובלען דער העפקער אַף גאַס און אַף פלויט —
וואַך זענען הערצער און הענט זענען גרייט, —
קינד מיינס!

אין שקיעס צערייצטע, אין שקיעס צעגליטע
ווער פראַוועט אַ סודע פון שרעק און פון שכיטע,
פאָטער?

— ס'איז הימל געפאַלן אַף טאָלן פון טויט,
ס'האָט זון זיך צעצונדן אין העלישן קנויט.

— ווען ברענען אין דוירעס דער בלוטיקער פּאַס —
די קינע פון צאָרן, די אייכע פון האַס, —
קינד מיינס !

אין טעג פון בעהאַלע, אין נעכט פון סאַקאַנע
ווער איז דער צאָלער און ווער איז דער מאָנער, —
פּאַטער ?

— איך מאָן, אַז מיין ברודער, מיין כאַווער אין נויט
זאָל שטיין נעבן מיר אינם אָנזיכט פון טויט.

— און שטרעקט ער דעם סוינע זיין שרעקיקע האַנט, —
זאָל פאַלן, ווי קרעץ, אַף זיין פּאָנים די שאַנד, —
קינד מיינס !

אין הייסע מעסלעסן, אין דולע מעסלעסן
ווער קאָן זיין ברודער אין אומקום פאַרגעסן, —
פּאַטער ?

— דאָס קאָן נאָר דער שרייער, דער הולטאַי, דער קאַט,
וואָס שמירט זיינע רעדער מיט בלוט פון פּאַרראַט.

— ווען פאַלן אַף אים פון פאַרגעסונג דער שטיין,
ווען פוילן אין דוירעס זיין הינטיש געביין, —
קינד מיינס !

אין טעג אין געשענדטע, אין טעג אַזוינע
ווער איז מיין כאַווער און ווער איז מיין סוינע, —
פּאַטער ?

— דיין כאַווער איז דער, ווער מיט בייסיקער רוט
ווען צאָלן דעם פיינט פאַר צעפליעסקעטן בלוט.

— ווייל קאָל-זמאַן עס לויערט דער סוינע אַף דר׳ערד, —
איז וואַך-זיין און גרייט-זיין דיין איינציק געווער, —
קינד מיינס !

(מיט אופגעהויבענע שטעקנס און קוליעס לאָזט זיך אַוועק די הויקערדיקע, הינקנדיקע פּראַצעסיע פון בעטלער אין ווילדן געיאָמער צווישן די פינצטערע באַרג-שפּארעס).

(איבער די בערג־שיפּואים באַװײזט זיך די פּראָצעסיע פון די יעשישים):

אַף די צעלטן
פון קאַיאָר
הײנגען װעלטן
אַף אַ האָר.

צװישן פּעניעס,
טיף אין גרונט,
פאַלן זשמעניעס
זריע־זון.

צײט — דער שױמער —
היט דעם פלאַם —
ברענען בױמער:
קרױן און שטאַם.

זױמען בלענדן,
זריע יערט
אין די לענדן
פון דער ערד.

איבער שליאַכן
אין דער װײט
פױזען שװאַכע
אַלטע לײט.

װאַרטן װעלטן,
אָנגעגורט,
אַף צעהעלטן
נײ־געבורט.

מיד, געבױגן
צו דער ערד:
װײסע אױגן,
װײסע בערד.

אינם פאַרשפּיל
פון באַגין
װעלט אַף בראָכשטול
גײט צו קינד.

ס'מאָנט אַ קאָרבן
טױט — דער האַר —
ציען האָרבן
אַפן באַרג.

פרײד און װײטיק,
העל־געשרײ —
רױטע קװײטן
אַפן שנײ.

איבער עלנט,
איבער טױט —
צו דעם העלן
שטערן נױד.

שטערן־טרױבן
טריפן טראָפּ.
נאַכט — די הײב־אַם —
נעמט עס אָפּ.

און אַנטקעגן
זײער שפּאַן,
אַף די װעגן
מיט געזאַנג

בײסט דעם נאָפּל
מיט אַ שפּרוך,
װאַרפט אין אָפּפאַל
צװישן ברוך.

הײסע צערנער
קומען אָן,
װאַרפן קערנער
פון דער דלאָן.

נײער אָדעם
שפּאַנט אין צװיט
איבער פּכאָדים,
איבער טױט.

(פאַרשװינדן מיט װאַקלדיקע טריט צװישן די באַרג־שיפּואים).

## ז. אַפן בראָכשטול

(ראָעוועך נעפּל איבער די האָריי־כווישער. די שאָ פון ערעוו־באַגין).

... ס׳איז נישט טאָג, ס׳איז נישט נאַכט, ס׳איז באַגינען,
אַפן ראַנד צווישן וואָר און נישט־וואָר.
ס׳דאַרף די צייט אַפן בראָכשטול געווינען
אַ באַפרייער, אַ זון, אַ בכאָר.

ס׳האָט לעוואָנע אין קלעפּיקן נעפּל
באַהאַלטן איר בלאָס געשטאַלט,
ווי אַ קינדיש פאַרוואָרלאָזט קעפּל
אין מאַמע׳ס וואַרימען שאַל.

ס׳איז נישט טאָג... נאָר עס יערט שוין דער אָנהויב
אינם ווירבל פון העלן שטויב,
און עס שלייפט זיך דער שטשערב פון לעוואָנע
אין הימלס צעבראָכענער שויב.

סקריפּעט נאַכט אַף פאַרזשאַווערטע סקאָבעס
אין איר בייַנקשאַפט פון מין צו מין.
זיצן זיבן פאַרשלייערטע באָבעס
און העקלען דאָס ליכט פון באַגין.

טאַנצן בליציק די גאָלדענע שפּיזלען
אין די ווייכע, צעקאָרבטע הענט,
און עס רינט, ווי צעשמאָלצענע ריזלען,
דאָס גאָלד איבער גרויע ווענט.

פאַלט אַ שלייער אַראָפּ נאָך אַ שלייער
און אַ פּלאַטער אַרויף — און פאַרגייט —
און עס ברעכט זיך דער טאָג אין טויער
מיט אַ כוואַליעדיק העלער פרייד.

און אַנטקעגן דער אופגעפּראַלטער,
דער זוניקער פרייד פון באַגין —
טראָגט די הייבאַם אין האַנט, אין אַלטער,
דאָס אָקאָרשט־געבוירענע קינד.

עס צעוויגן זיך זוניקע גלעקער,
ווי סטרונעס אין פריידיקן כאָר,
און פֿאַרכאַלעשטע הענט זיך שטרעקן
צום באַפֿרייער, צום ליכטיקן בכאָר.

און אין בלענדענדיק-העלן געווימל,
ווי אַ רונדער, שערשאַווער שפּונט
גייט אויף אַף פֿרימאָרגיקן הימל
ד ע ר ל י כ ט י ק ע ר ב ע נ ק אַ ר ט — די זון.

עס פֿאַרשווינדן די נאַכטיקע באָבעס
מיטן ערשטן געשריי פֿון בכאָר.
און אַף נאַכט׳ס אַף פֿאַרזשאַווערטע סקאָבעס
היינגט דער מוילעד — אַ ליכט-סעמאַפֿאָר.

בליצן הענט, ווי געקרייציקטע שטורעמס
נאָך צעגליטע, נאָך יוליקע טעג
און צעשפּרייטן די ליכטיקע בסורע:
— „ס׳איז אָפֿן און פֿריי דער וועג!“ —

ווערט ליכטיק אַף אַלע וועגן
און בלענדיק און אויפֿגערוימט —
און עס פֿלאַטערט דעם ב ע נ ק אַ ר ט אַנטקעגן
די ערד, ווי אַ פֿאָן, אין רוים.

# ח. גערא̇נגל

(פון רא̇זעווען געפל ארוים בא̇ווייזן זיך ד י ב ר י ג א̇ ד ן פ ו ן ד י ש ל א̇ ג ל ע ר ס, וועלכע בא̇פא̇לן דעם פא̇רזיגלטן א̇ריינגא̇נג פון הייל מיט שטורעם.

אין גערא̇נגל פון שטרייט הילכן זייערע ברומענדיקע שטימען):

אין דעם ברונען,
טיף אין יאַר,
העלע זונען
זא̇מלען זשא̇ר.

— „קעפ — אין פיבער,
אויג — אין בלענד, —
ברעכט בא̇ם גיבער
רוק־און־לענד.

גרא̇בט און רא̇יעט,
רייסט זיך שיין,
שוימט און בראַיעט,
ברויזט ווי ווײַן.

— „אַף בייז־וואונדער,
אַפן שפּיז,
אַף־צוגונדער
נעמט דעם ריז.

פּלא̇צן לא̇גלען
העלע פרייד.
הייסע שלא̇גלער
שטייען גרייט.

— „נישט געווא̇קלט,
פעסט אין שפּאַן,
רייסט דעם פא̇קל
פון זיין הא̇נט!“ —

פויסטן — פליגל,
הוקן — הענט: —
— „ברעכט דעם זיגל,
שטורעמט ווענט!“ —

לעצטער קלא̇מער,
לעצטער בלענד, —
הילכט דער הא̇מער
נ'שלא̇גלער'ס הענט.

אופגעברא̇כן
מויל פון בא̇רג: —
— „ריז איז קנא̇כיק,
ריז איז שטא̇רק.

אַף קא̇ווא̇דלע
פון גרא̇ניט
ליגט א̇ פא̇דלע,
ליגט דער ש מ י ד.

— „אויגן — שפּא̇רעס,
אפלען — גרויל.
זעצט א̇ פּא̇רע
פון זיין מויל.

פלא̇צן לא̇גלען
פון בא̇גין.
יובלען שלא̇גלער,
היים, ווי קין:

— „נא̇ך איין קלא̇מער
נא̇ך איין שפּא̇ן, —
פא̇לט דער הא̇מער
פון זיין הא̇נט!...

— „אונדזער דא̇ר איז
איצט בא̇שערט
זיין דער יוירעש
פון דער ערד!“ —

## ט. באַגינען

(באַגינען אין די האָריי־כּוישעך. פּורפּורנע ריטשקעס ליכט רינען פון די אופגעריסענע וואָלקנס, ווי אַ בלוטיקער רעגן.
דער אַריינגאַנג אין הייל איז ברייט אופגעריסן. פון צעפּראַלטן כּאַלעל אַרויס הערט זיך די טריאומפירנדיקע שטים פון די שלאָגלער):

די שטים פון שלאָגלער:

אָפּגעיובלט, אָפּגעזיגט
מיט קוילן און מיט לידער, —
האָט אַ דאָר געברויזט אין קריג,
ברויזן וועט אין פרידן.

אָפּגערוישט און אָפּגעברענט
אַף רויכערדיקע פראָנטן, —
נישט פאַרלייגט די מידע הענט,
נישט געמאַכט קיין יאָנטעוו.

אָפּגעטרייסלט גאָר דעם שטויב,
אויסגעטאָן ס'קליי־זייען, —
גיט ער איבער נאַכט אַ הויב
ליכטיקע געבייען.

זינגען יונגען, צינדן העל
ס'בלוט, ווי הייסע קינען, —
אַז ס'זאָל אופגיין אַף דער וועלט
ליכטיקער באַגינען.

גאָלדענע פּאַסמעס ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון פאַרגיסן דעם כּאַלעל און באַהעפטן די בערג מיט די טאָלן).



אדייע — קליינער מאַיאָנטעק.
„אווראָרא" — די רוסישע קריגשיף, וואָס האָט אין אָקטיאַבער 1917 געהאָלפֿן די באָלשעוויקעס צו געווינען די רעוואָלוציע.
אייבי — אייברעהעם לינקאָלן.
אַנגעל — איינער פון די בלוטדורשטיקע אוקראַינער אַטאַמאַנען, פּעטליוראַ'ס רעכטע האַנט.
אַנטאַנטע — די פאַרבינדעטע מעלוכעס, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן דײַטשלאַנד און שפּעטער געשאָפן די בלאָקאַדע אַרום סאָוועט־רוסלאַנד.
אַף צוגונדער — אַף דער האַצקע.

באַקלאַזשאַנעס — פּאָמידאָרן, טאָמאַטן.
באַשטאַנעס — אויבס־גערטנער אין דאָרעם־רוסלאַנד.
באַשמאַלאַ — אַ געטרוקנטע מיזראַך־פּרוכט.
ביוואַק — אַ רו־פּלאַץ פאַר זעלנער אינמיטן פעלד.
בופערס — אײַזערנע שטאַנגען, מיט וועלכע עס ווערן צענויפגעקײַטלט וואַגאָנעס.
בליוכער, גענעראַל — פירער פון דער רויטער אַרמיי.
בראָווער — אַ קרעניצע אָפן שייד פון וועגן.
ברויניגג — אַ רעוואָלווער.

גאַטשינאַ — אַ טייל פון דער שטאָט פּעטראָגראַד.
גאָג אומאַגאָג — לעגענדאַרישע ריזן.
גוטעס — טערפּקע עפּל.
געל־און־בלוי — נאַציאָנאַלע קאָלירן פון דער אוקראַינער פאָן.

דאָנבאַס — דאָנעצקער באַסיין, אַ טייל פון דאָרעם־רוסלאַנד, וואו ס'געפינען זיך גרויסע קוילן־שאַכטן און עס לעבן די דאָנער קאָזאַקן.
דוירבי — אַ האַרטע הוט.
דזשיזוס קרייסט — יעזוס קריסטוס.
דיוק דע רישעליע — פראַנצויזישער שטאַטסמאַן, וועלכער האָט אימיגרירט קיין רוסלאַנד און איז געווען איינער פון די גרינדער פון אָדעס.

היידאַמאַקעס — אוקראַינישע קאָזאַקן.
הייען — נאָכיאָגן מיט הילכיקע געשרייען.
הראָמאַדיאַנע — בירגערלייט אין אוקראַיניש.

וואָבלע — געטרוקנטע פיש פון קאַספּישן יאַם.
וואָווקאָלאַקעס — בייזע רוכעס אין אוקראַיניש.
וויהאָנעס — דאָרפישע פּאַשע־פּלעצער אין אוקראַיניש.

זימני דוואָרעץ — דער קייזערלאַכער ווינטער־פּאַלאַץ, אין וועלכן עס האָבן זיך בעשאָס'ן אָקטאָבער־אופשטאַנד קאָנצענטרירט די יונקערס און אַלע סאָנים פון די באָלשעוויקעס.
זעליאָני — באַרימטער אוקראַינישער פּאָגראָמשטשיק.

טאווריִדע, אָדער טאַווריִשע גובערניע — דער אַלט־גריכישער נאָמען פאַרן האַלב־אינדזל קרים.
טאַטשאַנקעס — פלאַכע וועגענער, אַף וועלכע מאַכנאָ פלעגט פירן זיין אַרמיי. אין די שלאַכטן באַ פערעקאָפּ האָט מאַכנאָ אַרויסגעהאָלפן דער רויטער אַרמיי קעגן וראַנגעל׳ן.
טאַליאַנקע — האַרמאָניקע, שפּיל־אינסטרומענט, וואָס ווערט מערסטנס באַנוצט פון סאָלדאַטן.
טאַרבעניקעס — ספּעקולאַנטן, וואָס האָבן בעשאַס׳ן בירגער־קריג געפירט זייערע סכוירעס אין טאַרבעס און אין זעק.
טאַרהאָוויצע — שטעטלישער מאַרקפּלאַץ.
טיוטיוניק — איינער פון די גרויזאַמסטע אוקראַינישע אַטאַמאַנען, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע מוירעדיקע שכיטעס אַף די אידן אין אוקראַינע אין 1918—1919.
טינדרע־דרינדע — אַ צושפּיל אַף דער קאָבזע.
טעפּלושקעס — וואַגאָנעס פאַר בעהיימעס.
טראַלים — טערמאָמעטער.
טריום — פראַכט־טייל פון שיף.
טריניזשקע — אַ דרייפוס, וואָס ווערט באַנוצט צום קאָכן.
טשאַנגאַר — די לעצטע פעסטונג פון וראַנגעל׳ן אין צאָפן־קרים.
טשעטשאָטקע — אַ טאַנץ.

יאַילעס — ברייטע פּאַשע־פעלדער אין קרים.
יוכטן — אויסגעאַרבעטע לעדער־פעל.

כאַדזשיבייעווער לימאַן — אַ קורפּלאַץ לעבן אָדעס.
כוואַראַסטינע — אַ לאַנגע בייטש.
כראַמען — שילטן.

לאַדאָגע — גרויסע אָזערע אין צאָפן־רוסלאַנד.
לאַנזשעראָן — דער יאַם־ברעג לעבן אָדעס.
ליאַד — אַ טיפער קעלער.
ליק — געסל.
לייבעלע בראָנשטיין — טראָצקי׳ס אידישער נאָמען.

מאַכנאָ — באַרימטער אַנאַרכיסט, וועלכער האָט בעשאַס׳ן בירגער־קריג געקעמפט סיי קעגן די ווייסע, סיי קעגן די רויטע.
מידעאורייסע — פון דער טוירע.
מאַמאַריי כאַזאַל — לעגענדעס פון טאַלמוד.
מאַנאַפּאָל — די דאַרפישע קראָם, וואו די צאַרישע רעגירונג פלעג פאַרקויפן ספּירט צו די פּויערים.
מאַסטאַק — אַ ווייסער בעוורעניק.
מאַקוד — אויסגעקוועטשטער מאָן.

נאַליאָט — רויב־אָנפאַל.
נאַליאָטשיק — אַ רויבער.
נאַגאַן — רעוואָלווער.

נאטשדיוו — פאַרקירצט פון „נאַטשאַלניק דיוויזיי" — דער הויפּט פון דער דיוויזיע אין דער רויטער אַרמיי.
נאַ־געוואַלט — גלעקער־געקלאַנג אין צייט פון אַן אומגליק.
ניימיט — אַ מעשאָרעס, אַ פאַרקויפטע נעשאָמע.

סאַקליע — אַ שטיבל אין קאַווקאַז.
סוואַרען — אַן אַקס, אַן אָנהאַלט.
סיוויל־וואָר — אַמעריקאַנער בירגער־קריג 1861—1866.
סטריכעס — שטרויענע דעכער.
סטאַניצעס — קאַזאַקישע דערפער.
סיוואַש, אָדער דער פוילער יאַם — אַ שמאָלער יאַם־אויסגוס באַם מיזראַך־ברעג פון קרים.
סיפּניאַק — פלעק־טיפוס.
סכאָד — אַ פויערישע אַסיפע.
סלאַשטשאָוו, גענעראַל — איינער פון וורַאַנגעל׳ס אַרויסהעלפער.
סמאָלני אינסטיטוט — דער שטאַב פון באָלשעוויסטישן אופשטאַנד אין פּעטראָגראַד.
ספּאַס — דער דערלייזער, יעזוס קריסטוס.

עבן־האָליץ — קאָסטבאַרע שוואַרצע האָלץ.
עסטאַפעטן — מיליטערישע ידיעס.

פּאַדיאַוקעס — קורצע, וואַרימע רעקלאַך.
פּאַיאַק — אַ פאַרציע עסנוואַרג פאַר יעדן בירגער.
פּאַלמיראַ — פּרעכטיקע פאַרצייטיקע דאַרעם־שטאָט.
פּאַסאַזש — די שענסטע געביידע אין צענטער פון אָדעס.
פּאַראָוויק — לאָקאָמאָטיוו.
פּושקינ׳ס טינטער — אַ מאָנומענט פאַרן באַרימטן רוסישן דיכטער אין דער פאָרם פון אַ טינטער, וועלכער געפינט זיך אויף דעם ניקאָלאַיעווער בולוואַר אין אָדעס.
פּידאַשעק — גאַניק.
פּעטראָפּאַוולאָווסק — אַ טייל פון פּעטראָגראַד, וואו ס׳האָט זיך געפונען די באַרימטע צאַרישע טורמע.
פּערעקאָפּ — אַ שמאָלער פּאַס בינד־לאַנד אין צאָפן־קרים, וואו עס זענען פאָרגעקומען די לעצטע שלאַכטן צווישן די רויטע אַרמייען און וורַאַנגעל׳ן.

פאַנקאַני און ראַבינאַ — די צוויי גרעסטע קאַפעען אין אָדעס, וואו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען די בירזשעוויקעס און ספּעקולאַנטן.
פאָרט — מיליטערישע פעסטונג.
פורגאָנען — גרויסע, שווערע פראַכט־וועגענער.
פרונזע — הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי אין קרים בעשאַס די שלאַכטן באַ פּערעקאָפּ.

צאַרדאָרפער וואָקזאַל — אַ טייל פון פּעטראָגראַד.

קאַבזע — אַן אוקראַינישע באַנדורע, אַף וועלכער בלינדע בעטלער־קאַבזאַרן שפּילן אין די דערפער און אַף די יאַרידן.
קאַטשעגאַר — אויוונהייצער.
קאַסטראַי, אַדער טרייבן קאַסטראַי — אַ באַרבאַרישער מיטל צו פאַרפייניקן אַ מענטשן דורך טרייבן אים פאַרביי אַ שערענגע באַוואָפנטע זעלנער.
קאָרנילאָוו — רוסישער גענעראַל, וועלכער האָט אין אויגוסט 1917 געמאַכט אַ פאַרזוך צו רעסטאַווּרירן די מאָנאַרכיע אין רוסלאַנד.
קובאַן — אַ קאַזאַקיש לאַנד אין דאָרעם־רוסלאַנד.
קוטיעפּאָוו, גענעראַל — איינער פון די הויפּט־אָנפירער מיט ווראַנגעל׳ס ווייסע אַרמייען.
קומיס — מילך פון אַ שקאַפּע.
קלוניעס — געביידעס אין קאַזאַקישע דערפער.
קליין־פּאַריז — אַ נאָמען, מיט וועלכן מען האָט געקרוינט די שטאָט אַדעס, פאַר איר שיינקייט.
קנאַסטער — טאַבאַק.
קראַיקעס — גאַרטלען.

רונדוקן — הילצערנע קראָמען.
ריסקעל — אַ לאָפּעטע.
רעווקאָם — דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, וואָס האָט דורכגעפירט דעם אָקטיאָבער־אופשטאַנד.

שאַלאַשנע ליק — די אַרימסטע געגנט אין אַדעס.
שאַלאַשנע שול — די עלטסטע שול אין אַדעס.
שאַרפן ליאַסן — אַ רוסישער אידיאָמאַטישער אויסדרוק פאַר ליידיק־גיין.
שמאַטעס — הייליקע בילדער, וואָס פּויערים טראָגן אין אַ כאָגע.
שפּיפון — ברענענדיקע שלאַנג.

## ביכער פון ל. פיינבערג:

1) „ערעוו-שטורעם“ — 1926.
2) „גרוים-שטאָט“ — 1928.
3) „ליכט און ברויט“ — 1931.

## גרייט צום דרוק:

1) „די צינדער פון דער ערד“
(צווייטער טייל פון „באָלשעוויקעס“)
2) „פון אָדעמען ביז טראָצקין“
(א בוך סאָנעטן)
3) „פון סמאָלני ביז פערעקאָפ“
(זיכרוינעס פון א רויטן אָפיציר — פּראָזע)